


פארלאג מתנות ניו יארק

דיין ליכטיקן אָנדענק, טייערע מאַמע.
דיין פּשוט וואָרט לעבט אין מיין מויל.

י. מעצקער.

# אינהאַלט:

# אַ שטוב אין פעלד

ווייט פון דאָרף און פון שטאָט, אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל אין גאַליצישן אוקראַינע, איז געשטאַנען אַ שטוב איינע אַליין אין פעלד. די שטוב איז שוין אַלט געווען אַ סך אַ סך יאָרן. זי איז אָבער געשטאַנען מיט גלייכע, ווייס-געקאַלכטע ווענט, געבויטע פון שטיין, און די אַלטקייט האָט זיך אויף איר גאָרניט אָנגעזען. איין וואַנט פון דער שטוב איז געווען איינגעמויערט אין אַ באַרג. הינטער יענעם באַרג האָט זיך יעדן פאַרנאַכט באַהאַלטן די זון. די איבעריקע דריי ווענט האָבן מיט אַ טיר און מיט צוויי קליינע פענצטער אַרויסגעקוקט צו אַ ווייטן טאָל, צו פרוכטבאַרע פעלדער, צו אַ וואַלד און צו אַ וואַסער.

דער טאָל און דאָס וואַסער זיינען געווען דעם קייזערס. דער וואַלד האָט געהערט צו אַ גראַף און די פעלדער מיט דער אַלטער שטוב צו אַ פאַמיליע אידישע פויערים. סיי די פעלדער און סיי די שטוב זיינען פאַר דורות איבערגעגאַנגען אין ירושה פון טאַטן צו זון.

די פאַמיליע איז באַשטאַנען פון אַן אַלטן זיידן, פון טאַטע מאַמע און פון טאַלין. ווען טאַלי איז געבוירן געוואָרן האָט דאָס הויזגעזינט זיך שטאַרק געפרייט. עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד האָבן זיי געהאָפט און געוואַרט אויף אים, דעם יורש, צו וועמען עס זאָל אַמאָל קענען איבערגיין די אייגענע ערד.

טאַלי איז געקומען אויף דער וועלט אין אַ לויטערן פרילינג-טאָג. דער טאַטע און דער זיידע האָבן אין יענעם טאָג געאַרבעט אין פעלד, און פלוצלינג, קעגן נאַכט, איז צו זיי געקומען צולויפן זייער שוואַרצער וואָלף-הונט און מיט אַ בילן זיי גערופן אַהיים. און ווי נאָר זיי זיינען צוגעקומען צו דער שטוב האָט די מאַמע, דורך דער אָפענער הויז-טיר, זיי אָנגעזאָגט די נייעס.

— אַ אינגל — האָט זי אַ גליקלעכע אויסגערופֿן. .

— אַ אינגל! אַ אינגל! — האָבן טאַטע און זיידע אויסער זיך איבערגערעדט די ווערטער און אַריין צום קינד.

— אַ גרויסער, אַ שטאַרקער וועט ער זיין, ווי זיין טאַטע, ווי זיין זיידע, — האָט דער טאַטע מיט פֿרייד גערעדט צו זיין ניי־געבוירענעם זון.

— איך האָב אָבער געוואוסט, אַז עס וועט זיין אַ אינגל. — האָט דער זיידע זיך אָנגערופֿן און זיינע אויגן האָבן ווי שטערן זיך צעלויכטן. — ערשט נעכטן ביינאַכט האָט זיך מיר געחלומט, אַז איך שטיי אַזוי איינער אַליין אויף אַ פֿעלד צווישן פֿולע און רייפֿע זאַנגען זוייץ. פּלוצלינג באַווייזט זיך לעבן מיר אַ פֿרעמדער מאַן און ער זאָגט צו מיר אַזוי: — ביי דיינע קינדער וועט געבוירן ווערן אַ זון — און ווי נאָר ער האָט אַרויסגערעדט די ווערטער איז ער פֿאַרשוואונדן פֿון מיינע אויגן.

ווען דער זון איז אַלט געוואָרן אַכט טעג האָט אים דער טאַטע אַריינגעלייגט אין אַ קישל און אים אַוועקגעטראָגן אין וויטן שטעטל צווישן אידן. דאָרטן האָט מען אים געאידישט מיט דעם נאָמען נפֿתלי און דער טאַטע האָט אים צוריק אַהיימגענומען. אין דער היים האָט מען אים גערופֿן טאַלי און ביי דעם נאָמען איז ער שוין געבליבן.

טאַלי איז גיך געוואַקסן אין דעם טאָל. ער האָט זיך אַרומגע־שפּילט צווישן די מילכבלומען, וואָס האָבן ווי אַ געלע דעק זיך געשפּרייט פֿאַר דער טיר פֿון זיין היים. ער האָט מיט זיינע קינדישע אייגלעך געקוקט אויף דעם וואַקסנדיקן ברויט אין פֿעלד און ניט איינמאָל ווי אַ גרויסער זיך צוגעהערט צו דעם געזאַנג פֿון די פֿייגל און צו דעם גערויש פֿון וואַסער. איינמאָל, אין זיין צווייטן זומער איז עס געווען, ווען ער איז אַרומגעקראָכן אויף אַלע פֿיר צווישן די בלומען און גראָזן פֿון טאָל האָט ער דערהערט דאָס שטאַרקע קול פֿון אַן אָדלער, וואָס איז געפֿלויגן אין דער הייך. דאָס קול האָט אים ווי גערופֿן צו זיך. האָט ער דעמאָלט צום ערשטן מאָל זיך אויפֿגעשטעלט אויף זיינע פֿיסלעך. ער האָט פֿאַרריסן זיין קעפּל מיט די שוואַרצע

לאָקן צום בלויען הימל, און שטעלנדיק די ערשטע טריט עפּעס ווי אַרומגעזוכט אין דער הייך.

אויפן צווייטן ווינטער האָט טאָלי אָנגעהויבן רעדן. גערעדט האָט ער צו דער ווייסער קאָץ, וואָס איז מיט אים געשלאָפן אויף איין געלעגער, גערעדט האָט ער צו דעם גרויסן וואָלף-הונט, ווען ער פלעג אין די פאַרנאַכטן קומען אין שטוב אַריין עסן. גערעדט האָט ער צו די בילדער אויף די ווענט, צו דעם בילד פון דעם אַלטן קייסער פראַנץ יאָזעף מיט די גרויע באַקן-בערד, צום מזרח, און צום בילד, וואָס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט משהן, דעם באַפרייער פון דעם אידישן פאָלק, ווי ער שטייט מיט די שטיינערנע טאָוולען, אויף וועלכע עס זיינען אויסגעקריצט די צען געבאָט. אָבער מער ווי צו אַלעמען האָט טאָלי גערעדט צו זיין זיידן, ווייל דעם זיידן האָט ער ליב געהאַט מער פון אַלעמען. דער זיידע איז שוין אַלט געווען אפשר הונדערט יאָר. ער האָט געהאַט לאַנגע ווייסע ברעמען, אַ לאַנגע ווייסע באָרד, רויטע באַקן און אויסגעזען האָט ער ווי משה אויפן בילד. נאָר וואָס די הערנער פון זון-שטראַלן האָבן אים געפעלט. ווען טאָלי איז געזעסן אויפן זיידנס שוים האָט ער ניט איינמאָל געפרעגט:

— זיידע, פאַרוואָס האָסטו ניט קיין הערנער? — זע משה האָט הערנער.

— זיי וועלן מיר נאָך אָנוואַקסן, דו וועסט שוין זען, — פלעג אים דער זיידע טרייסטן. אין יענעם ווינטער האָט דער זיידע אים אויס-געלערנט דעם גאַנצן אלף בית און אים דערציילט מעשות פון אַ גאָט, וואָס וואוינט אין הימל, פון חיות, וועלכע האַלטן זיך אויף אין וואַלד און פון מענטשן, וואָס לעבן אין שטאָט און אין דאָרף.



# אין וואַלד

וואָס עלטער און גרעסער טאָלי איז געוואָרן, אַלץ ליבערשט איז אים געווען דער טאָל מיט די אַלע חיות, וואָס האָבן דאָרטן געלעבט. אָבער גאָר ליב זײַנען אים געווען די פייגל. זיי זײַנען געווען זײַנע בעסטע פרײַנט. ער האָט געקלעטערט אויף ביימער, געקראָכן צווישן שטיינער און מיט אַ געטריי אויג אַרײַנגעקוקט אין די פאַר־שידענע נעסטן, וואָס ער האָט געפונען. ער האָט גלייך מיט די טאַטע מאַמע־פייגל זיך געפרייט מיט די אָפּגעלייגטע אייערלעך און מיט די קליינע פייגעלעך, וואָס האָבן זיך פון זיי אַרויסגעפּיקט. אַ סך פון די פייגל האָט ער דערקענט אָן זייער קול און צו זיי געפּייפט און געצוויטשערט. די פייגל האָבן געמעגט זײַן ווי פאַרנומען, האָבן זיי אים שטענדיק אָפּגעענטפערט.

איינמאָל האָט דער זיידע מיט אים געלערנט אין חומש, אַז מען מעג אַרויסנעמען אייערלעך און יונגע פייגל פון די נעסטן, מען דאַרף נאָר אָוועקשיקן די טאַטע מאַמע־פייגל, זיי זאָלן דאָס ניט צוקוקן. טאָלין האָט דאָס אַזוי שטאַרק פאַרדראָסן, אַז ער האָט שוין דעמאָלט ניט פאַרענדיקט דאָס לערנען, נאָר אַ בייזער אַרויס אין דרויסן היטן זײַנע נעסטן, קיינער זאָל זיי ניט רירן.

איין פויגל האָט ער פײַנט געהאַט. דאָס איז געווען דער קוקו. ער האָט געוואוסט, אַז דער פויגל וואַנדערט אַרום זאָרגלאָז זײַן גאַנץ לעבן. ער האָט געוואוסט, אַז דער קוקו בויט ניט קיין נעסטן, וואַרעמט ניט קיין אייער און האָדעוועט ניט קיין פייגעלעך. זײַנע אייער לייגט ער אָפּ אין נעסטן פון פרעמדע פייגל. פייגל, וואָס זײַנען אָפטמאָל אַ סך קלענער פון אים. די קליינע פייגל מוזן נעבעך אויסוואַרעמען די פרעמדע אייער און אויסהאָדעווען די גרויסע קוקוס.

אזא קוקו האט איינמאל פארנארט טאלין אין געדיכטן וואלד אריין. טאלי איז דעמאלט אלט געווען זעקס יאר. עס איז געווען אין א פרילינג און ער איז דעמאלט שטארק פארנומען געווען מיט זיינע נעסטן. פלוצלינג האט ער דערהערט א רוף פון א פויגל און דערזען א קוקו. ער האט לאנג ניט געטראכט נאר באלד ארויסגע־כאפט פון קעשענע א גלאט שטיינדל און נאכגעפאלגט דעם פיינט פון זיינע פייגל ביז אין וואלד אריין. עטלעכע מאל האט ער זיך פארמאסטן מיטן שטיינדל צום קוקו און צו אים ארויפגעשריגן: — אוועק פון מיינע נעסטן. — דער פויגל מיט די געלע אויגן האט זיך טאקע דערשראקן פאר טאלין און זיך באהאלטן אין וואלד.

דאס איז געווען דאס ערשטע מאל וואס טאלי איז זיך פאר־גאנגען אזוי טיף אין וואלד אריין. ער האט דארטן דערזען פארשידענע וואלד־בלומען און זומער־פייגעלעך פון אלערליי פארבן, וואס ער האט נאך קיינמאל ניט געהאט געזען. א פריילעכער איז ער געלאפן פון בלום צו בלום און פון בוים צו בוים און אינגאנצן פארגעסן אן קוקו און אן זיין היים. א מידער, מיט פארפלאמטע רויטע באקן, האט ער דערנאך זיך צוגעזעצט אויף אן אויסגעווארצלטן בוים. דעם בוים האט זיכער א דונער געהאט ארויסגעריסן פון דער ערד און אים אזוי אויסגעצויגן. די זומער־פייגל האבן געפלאטערט פאר זיינע אויגן און אלע מאל זיך צוגעזעצט לעבן אים. פון מידקייט איז טאלי באלד איינגעשלאפן און עס האט זיך אים געחלומט, אז אלע פייגל, פון דעם גרעסטן אדלער ביז צום קלענסטן שפערל, זיינען געקומען צופליען און זיך אויסגעזעצט ארום אים. זיי זיינען געזעסן שווייגנדיקע און געווארט ביז צוויי פרעמדע גרויסע פייגל, מיט גאלדענע שנאבלען זיינען אנגעפלויגן. די צוויי פייגל האבן אין זייערע שנאבלען גע־בראכט צוטראגן א קרוין, געמאכט פון געשפרענקלטע קוקו־אייער, און א פאר גרויע באקן־בערד. זיי האבן זיך אראפגעלאזט צו טאלים פיס און אלע פייגל האבן מיטאמאל אויסגערופן:

— טאלי, זיי אונדזער קייסער! זיי אונדזער קייסער און בלייב מיט אײדז אין וואלד.

טאָלי האָט זיך אויפגעשטעלט און געענטפערט:

— ניין, איך וויל ניט זיין קיין קייסער. איך דאַרף גיין אַהיים, ווייל מיין טאַטע וואַרט אויף מיר איך זאָל מיט אים גיין אַקערן דאָס פעלד.

— טאָ נאַ דיר אַ פּאָר פליגל און פלי אַהיים. — האָט אַ שיינע פּאַווע זיך אָנגערופן און אים דערלאַנגט אַ פּאָר גרויסע רויט-בלויע פליגל פון אַ זומער-פייגעלע. טאָלי האָט גענומען די פליגל, זיי געלייגט אונטער זיינע אָרעמס און זיך געלאָזט פליען. ער איז אָבער באַלד אַראָפּגעפאַלן און זיך אויפגעכאַפּט פונם שלאָף.



# טאָלי באַגעגנט טאָבין

טאָלי האָט זיך אויסגעריבן די אויגן פון שלאָף און זיך באַלד ווידער פאַרשפּילט אין דעם גרינעם וואַלד.

מיטאַמאָל האָט ער, ערגיץ פון אַ בוים, דערהערט אַ שטאַרק צווּיטשערן פון אַ פויגל. טאָלי האָט אָפּגעענטפערט מיט אַ פייף און אַוועק זוכן דעם פויגל. דער בוים פון וואַנען דאָס צווּיטשערן איז געקומען, איז געווען אַ הויכער און איבער זיינע געדיכטע גרינע בלעטער איז געווען ווי אויסגעגאָסן דאָס גאָלד פון דער זון. טאָלי האָט אַרויפגעקוקט צו דעם בוים און אַנשטאָט אַ פויגל האָט ער גאָר דאָרטן דערזען אַ מיידעלע מיט ברוינע לאַנגע האָר. טאָלי האָט זיך ניט דערשראָקן. ער איז געבליבן שטיין אויפן אָרט און מיט נייגי־ריקייט אַרויפגעקוקט צו דעם מיידעלע.

— קענסטו פליען ווי אַ פויגל ? קענסטו אַראָפּקריכן פונם בוים ?

— האָט ער צו איר אַרויפגערופן. דאָס מיידעלע האָט צו אים אַראָפּ־געקוקט מיט גרויסע אויגן און גאָרניט געענטפערט.

— וואוינסטו אויפן בוים ? זאָג, — האָט טאָלי ווייטער געפרעגט.

— יאָ, איך וואוין אויפן בוים, — האָט דאָס מיידעלע פּלוצלינג אָנגעהויבן רעדן. — איך וואוין אויפן בוים, ווייל איך בין אַ וואַלד־מיידעלע. איך האָב געהאַט אַ שלעכטע שטיפמאַמע. האָט זי מיך איינמאָל, ווען דער טאַטע איז ניט געווען אין דער היים, אַוועקגעפירט אין וואַלד אַריין אַ גרויסער בער זאָל מיך אויפעסן. האָב איך מיט־גענומען אַ זעקעלע קליינע אַרבעסלעך און דעם גאַנצן וועג זיי גע־וואָרפן הינטער מיר און דעם גאַנצן וועג אַזוי גערעדט : — אַרבעסלעך קליינינקע, אַרבעסלעך שיינינקע, איר זאָלט מיר ווייזן דעם וועג אַהיים צו מיין טאַטן. — זיינען אָבער אָנגעפלויגן אַ סך פייגל און זיי

האָבן אויפגעגעסן אַלע אַרבעסלעך. איך האָב ניט געוואוסט מיט וועלכן וועג מען גייט אַהיים און איך בין שוין געבליבן וואוינען אין וואַלד.

טאָלי האָט אויסגעהערט די מעשה און איז געוואָרן שטאַרק טרויעריק. דאָס מיידעלע איז אָבער באַלד אַראָפּ פונם בוים און זיך שטאַרק צעלאַכט. — איך האָב דיך אָפּגענאַרט, איך האָב דיך אָפּגע־נאַרט, — האָט זי זיך גערייצט מיט טאָלין. — דאָס איז דאָך אַזאַ מעשה. האָט דיין מאַמע דיר קיינמאָל ניט דערציילט די מעשה? איך בין ניט קיין וואַלד־מיידעלע, איך בין טאָבי. איך האָב אַ גוטע מאַמע, און מיין טאַטע איז דער היטער פון דעם וואַלד. מיר זיינען אַהער ערשט ניט לאַנג געקומען. פריער האָבן מיר געוואוינט אין אַן אַנדערן וואַלד. זעסט? אָט דאָרטן איז אונדזער שטוב.

— און וואו איז איצט דאָס וואַלד־מיידעלע פון דער מעשה? — האָט טאָלי געפרעגט אַ פאַרזאָרגטער.

— אַ דאָס מיידעלע האָט שוין לאַנג געפונען דעם וועג אַהיים און די שטיפמאַמע איז שוין איצט גוט צו איר, — האָט טאָבי אים אויסגערעדט. — ווי הייסטו?

— איך הייס טאָלי און איך וואוין אין טאָל.

— לאָמיר זיך שפּילן טאָלי, יאָ?

— לאָמיר.

— לעבן אונדזער שטוב, — האָט געזאָגט טאָבי, און אָנגענומען טאָלין ביי דער האַנט און אים אַוועקגעפירט צו דעם וואַלד־שטיבל.

זיי האָבן זיך דאָרטן אַזוי לאַנג געשפּילט ביז די ליכטיקייט פון טאָג האָט צווישן די ביימער אָנגעהויבן בלאַסער ווערן. עס האָט זיך אָנגעהויבן הערן דאָס פאַרנאַכטיקע געזאַנג פון די פייגל. ביידע זיינען אין מיטן שפּילן געבליבן שטיל און זיך איינגעהערט. אָבער ניט אויף לאַנג.

— דאָס זינגען מיינע פייגל די שלאָף־זינגערלעך. זיי זענען שוין אין זייערע נעסטן. עס איז שוין שפּעט, — האָט טאָלי זיך אָנגערופן און אין איין אָטעם אַוועק אַהיים.

# װ אַ ל ד מ ע נ ט ש ן

דאָס שטיבל וואו טאָבי האָט געוואוינט איז געשטאַנען אין מיטן וואַלד. עס איז געוואַקסן פאַרוואַקסן מיט ווילדן וויין און אַרומגענומען מיט אַ פּלויט. פאַר דער טיר פון שטיבל זיינען געוואַקסן צוויי ווילדע עפּל־ביימער. דאָס שטיבל איז אַזוי אויך געווען נידריק און איינגע־בויגן, האָבן זיך דערצו באַזעצט צוויי פּאָר בושלען אויף זיין שטרויענעם דאַך. זיי האָבן מיט זייערע גרויסע צוויי נעסטן וואָס האָבן אויסגעזען ווי קיילעכיקע קוישן, נאָך מער אַראָפּגעדריקט דאָס שטיבל צו דער ערד.

טאָבים טאַטע מאַמע זיינען געווען פּרעמדע אין יענעם געגנט. דער טאַטע אירער האָט געדינט ביי אַ גראַף. ער איז געווען אַ וואַלד־היטער. האָט מען איין וואַלד אויסגעהאַקט האָט אים דער גראַף געשיקט אין אַן אַנדערן וואַלד אַריין. וועלדער האָט דער גראַף געהאַט אפשר מער ווי הונדערט, אַזוי רייך איז ער געווען.

אין שטיבל אַריין פלעג טאָבים טאַטע קומען נאָר אָפּעסן און איבערשלאָפן די קאַלטע ווינטערנעכט. טאָבי פלעג אים אָבער אָפּט־מאָל זען פון אַ שפּיץ פון אַ הויכן בוים אויף וועלכן זי פלעג אַלעמאָל אַרויפקלעטערן. זי האָט געזען איר טאַטן דעם הויכן שטאַרקן אידן מיט דעם רויטן פּנים און רויטער באָרד, ווי ער שפּאַנט אַרום אין וואַלד, אַמאָל מיט אַ טאָפּל־ביקס אויפן אַקסל, אַמאָל מיט אַ גרויסן האָרן אין האַנט און אַמאָל אַן אָנגעטונענער אין טלית און אין תפילין.

— אָהאָ, טאַטע, איך זע דיך, אָהאָ! — פלעג זי צו אים רופן.

— אָהאָ, טאָבי, איך הער דיך, אָהאָ! — איז פון וואַלד צו איר צוריקגעקומען אַן ענטפער.

טאָבין איז גוט געווען צו זיין אין וואַלד צווישן די וואַלד־

ביימער און אין וואַלד-שטיבל מיט איר מאַמען. דער טאַטע אירער איז געווען אַ שטרענגער און אַ שווייגנדיקער ווי אַ בוים, אָבער די מאַמע איז געווען אַ יונגע מיט פריילעכע גרויסע אויגן. זי האָט ניט איינמאָל אַליין ווי אַ קינד אַרומגעטאַנצט, זיך אַרומגעשפּילט מיט טאָבין און מיט איר לויטערן קול פאַרקלונגען דעם וואַלד מיט שיינעם געזאַנג. אין די פאַרשנייטע ווינטער-נעכט האָט די מאַמע אויסגע-אַרבעט לאַנגע זאָקן פאַרן טאַטן פון דער וואָל פון זייערע אייגענע שאָף, און טאָבי האָט פון וואַלד-ניסלעך געצילעט שנירלעך קרעלן, אָדער זי האָט זיך אַרומגעשפּילט מיט אַ האָז צי מיט אַן אַנדערער חיה, וואָס האָט איבערגעווינטערט אין שטיבל. אין די ווינטער-נעכט האָט די מאַמע דערציילט טאָבין אַ סך מעשות. אַ וואָס פאַר אַ וואונדער-לעכע מעשות דאָס זיינען געווען. אַפילו דער טאַטע, דער שטרענגער וואַלדמענטש, איז אין זיי אַריינגעצויגן געוואָרן. קוים האָט די מאַמע אָנגעהויבן דערציילן האָט ער זיך אינגאַנצן ווי איבערגעביטן. זיין פּנים איז געוואָרן מילד און זיינע אויגן האָבן זיך צעשיינט ווי ביי טאָבין. פאַר טאָבין איז יעדע מעשה געווען אַ לעבעדיק וואונדער. עס האָט זיך איר אויסגעוויזן אַז זי הערט ניט וואָס די מאַמע דער-ציילט, נאָר זי זעט טאַקע אַלץ מיט אירע אויגן.

דערציילט האָט די מאַמע וועגן אַ יעגער, וואָס איז געגאַנגען אויף יאַגד אין טיפן וואַלד און דאָרטן פאַרבלאָנדזשעט אין אַ פאַר-באַרגענעם שלאָס. ווען ער איז אַריין אין שלאָס האָט ער דערזען ווי אַ סך מענטשן מיט שווערע קייטן אויף זייערע פיס, שטייען אַרום אַ גרויס פייער און שמידן גאָלד. איבער זיי אויף אַ הויכער שטול זיצט איינער אַ שטאַרקער, אַן אויסגעפּוצטער אין אַ מאַנטל פון גאָלד און פון דימענטן. ער האַלט אין האַנט אַ לאַנגע בייטש און שלאָגט מיט איר די מענטשן איבער זייערע אָנגעבויגענע רוקנס. ער לאָזט זיי אַפילו דעם שוויים ניט אָפּווישן. דער בראַווער יעגער האָט באַלד אַרויסגעכאַפּט זיין שווערד פון דער שייד און פאַרפירט אַ געשלעג מיט דעם מאַן אויף דער הויכער שטול. פון אָנהייב האָט דער אויסגעפּוצטער שטאַרקער מאַן געלאַכט פון דעם יעגער, ווייל ער

האָט געמיינט, אַז עס איז גאָר ניטאָ קיין שטאַרקערער פון אים. עס האָט אָבער גיט גענומען לאַנג און ער איז געלעגן אויף דער ערד אַ באַזיגטער. דער יעגער האָט דערנאָך באַפרייט די אַלע מענטשן פון די קייטן. ער האָט צווישן זיי צעטיילט דעם גאַנצן באַרג גאָלד, וואָס זיי האָבן אויסגעשמידט און זיי אַלעמען אַהיימגעשיקט.

אָן אַנדערש מאָל האָט דער יעגער אויף זיין געיעג געכאַפּט אַ יונגן הירש לעבעדיקערהייט. אויפן וועג האָט אָבער דער הירש פּלוצלינג אָנגעהויבן רעדן ווי אַ מענטש און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שיין מיידל, אָנגעטון אין ווייסן.

— איך בין אַ גראַפס אַ טאָכטער, — האָט דאָס מיידל געזאָגט צום יעגער. — איך בין געגאַנגען שפּאַצירן אין וואַלד איז אָנגעקומען אַ כישופמאַכערין און מיך פאַרשאָלטן, אַז איך זאָל ווערן אַ הירש, ווייל מיין טאַטע איז געווען שלעכט צו די מענטשן, וואָס האָבן גע-אַרבעט אין זיינע וועלדער און פעלדער.

די מעשות וועגן יעגער האָבן זיך געצויגן און געצויגן. טאָבי האָט נאָר געדאַרפט דערמאָנען וואו מען האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט אַ נאַכט פריער און די מאַמע האָט ווייטער דערציילט. דער סוף איז געווען, אַז דער יעגער האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון דעם גראַף און זיי האָבן אָפּגעלעבט גליקלעך אין צופרידן זייער גאַנץ לעבן.

אָבער ניט נאָר וועגן יעגער און וועלדער האָט די מאַמע דער-ציילט. זי האָט אויסדערציילט אַלע מעשות פון טייטש-חומש און אַ סך מעשות וועגן טאַבים זיידעס, וואָס האָבן אַמאָל געלעבט אין די קאַרפּאַטן-בערג.



## טאָלי און טאָבי

פון דעם ערשטן טאָג אָן, וואָס טאָלי און טאָבי האָבן זיך באַגעגנט, זענען זיי געוואָרן שטאַרק צוגעבונדן איינס צו ס'אַנדערע. זיי האָבן יעדן טאָג זיך צוזאַמען געשפּילט אין וואַלד און אין טאָל, און פון וואַלד שטיבל ביז צו דער שטוב אין טאָל האָבן זיי אויסגעטראָטן אַ סטעזשקע פון אַ האַלבער שעה גאַנג. דורך זיי האָבן אויך זייערע טאַטעס און מאַמעס זיך באַקענט און מיט דעם ניי אויסגעטראָטענעם וועג געגאַנגען שבת צוגאַסט איינס צו ס'אַנדערע.

טאָלי איז אַלט געווען זעקס, און טאָבי פינף יאָר ווען זיי האָבן זיך באַגעגנט. זיי האָבן אָבער ביידע אויסגעזען עלטער. טאָבי איז געווען דין און הויך. טאָלי איז געווען ברייט געוואַקסן און אַ סך שטאַרקער פון טאָבין. ביידע האָבן געהאַט קיילעכדיקע ברוינע פּנימער און טונקעלע גלאַנציקע אויגן. זייערע אויגן זיינען געווען ווילד און קלוג ווי ביי יונגע פיקסלעך. זיי האָבן געקענט לויפן שנעלער פון אַ הירש און קריכן אויף ביימער האָבן זיי געקענט נאָך בעסער ווי אַ וועווערקע. טאָלי איז געשוואומען ווי אַ פיש און טאָבי ווי אַ זשאַבע. טעג גאַנצע זיינען זיי אָפּגעלעגן ביים וואַסער.

ביים וואַסער זיינען געווען הויכע פעלזן, פלעגן זיי אַרויפקריכן אויף די העכסטע שפּיצן און פון דאָרטן מיט פאַרשידענע קונצן אַראָפּשפּרינגען אין וואַסער אַריין. אָפטמאָל האָבן זיי זיך פאַרוועט ווער עס קען זיך לענגער האַלטן אונטערן וואַסער. טאָמער איז אָבער טאָבי די ערשטע אַרויסגעקומען איז איר באַלד דורכגעלאָפן אַ געדאַנק: — טאָלי טרינקט זיך — און שוין איז זי צוריק געווען אונטערן וואַסער און אים אָפּגעזוכט. טאָלי פלעג אויף איר דערפאַר שטאַרק בייז ווערן. ער וויל איר באַווייזן, אַז ער קען זיין אַ פיש און זי לאָזט אים ניט.

זיי פלעגן זיך ניט איינמאָל אַראָפּלאָזן ביז צום גרונט פון וואַסער און פון דאָרטן אַרויסנעמען שיינע מושלען און גלאַנצנדיקע גלאַטע שטיינדלעך. די וואַסער־באַשעפענישן האָבן זיי שטענדיק אָפּגע־טראָטן דעם וועג. ווער ווייסט, אפשר האָט זיך זיי אויסגעוויזן, אַז דאָס זיינען אַזעלכע צוויי גרויסע פיש וואָס ווילן זיי אַלעמען איינשלינגען.

דער טאָל און דער וואַלד זענען דעם גאַנצן זומער פול געווען מיט די פריילעכע קולות פון די צוויי פריינט. דער זומער איז זיי אָבער אַזוי גיך אַוועקגעפלויגן, גלייך ווי דאָס וואָלט געווען אַ חלום פון איין נאַכט און עס איז געקומען דער ווינטער.

דורך דעם גאַנצן ווינטער האָבן טאָלי און טאָבי זיך ניט געזען. דער שניי האָט פאַרלייגט זייער וואַלד־וועג און דעם גאַנצן טאָל. אין דרויסן איז געווען קאַלט און זיי האָבן ניט געהאַט קיין שטיוול און קיין וואַרימע קליידער. אָבער ווי נאָר דער שניי איז צעגאַנגען און די פייגל האָבן אָנגעהויבן צוריקקומען פון די וואַרימע לענדער האָבן זיי שוין אָנגעהויבן היטן די טיר. ד פייגל האָבן געזונגען דאָס געזאַנג פון פרילינג, דאָס געזאַנג פון וואַרימע טעג, פון אַרומלויפן באָרוויס אין דרויסן און טאָלי און טאָבי האָבן מיט שמעוודיקער פרייד זיך ווידער באַגעגנט.



# סמבטיון, ים און גאָלדן לאַנד

איינמאָל אין אַ ווינטער, ווען טאָלי איז שוין געווען אין אַכטן יאָר, האָט אַ שטאַרקער שניי־שטורם געבראַכט צו זיי אין שטוב אַריין אַ האַלב־פאַרפרוירענעם, פאַרבלאָנדזשעטן וואַנדערער. דער פרעמדער איז געווען אַ קליין אידעלע מיט אַ געדיכטער שוואַרצער באָרד און מיט פאַרטראַכטע טיפע אויגן. טאָלי האָט די עטלעכע נעכט, וואָס דער אָרימער מענטש האָט בא זיי גענעכטיקט, קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

אין דרויסן האָט דער פראָסט געקנאַקט צווישן די צווייגן פון די ביימער און דער ווינט האָט געבלאָזן ווי אויף פייפעלעך. דער שניי האָט געהאַלטן אין איין פאַלן און פאַרלייגט דאָס שטיבל ביז איבער די פענצטער. די שטוב איז געווען באַלויכטן מיט אַ קליין אייל־לעמפל. די פאַרפרוירענע שויבן האָבן געבליט מיט שיינע זילבערנע פראָסט־בלומען און פראָסט־בלעטער. די גאַנצע פאַמיליע איז געווען אויס־געזעצט באַם צעגליטן אויוון. די מאַמע האָט געפליקט פעדערן. דער זיידע האָט אויסגעשניצט הילצערנע לעפל. דער טאַטע האָט גע־פלאָכטן אַ נעץ אויף צו כאַפּן פיש, און טאָלי האָט געאַרבעט באַ אַ נייעם טויבן־שלאַק. דער וואַנדערער איז געלעגן באַם אויוון אויף אַ געלעגער אויסגעבעט פון היי, מיטן פּנים קעגן רויט־בלויען פייער און דערציילט מעשׂות. מעשׂות פון דעם וואונדערמאַן אליהו הנביא, פון בייזע הערשער און פון ווייטע און אומבאַקאַנטע לענדער. דאָס הויז־געזינט איז געזעסן באַם פייער ביז די הענער האָבן אָנגעהויבן קרייען אויף האַלבער נאַכט. דערנאָך האָבן זיי אָנגעהויבן געניצן און איינציק־ווייז אַוועק שלאָפן. נאָר טאָלי איז געבליבן נאַכט נאָך נאַכט, לעבן דעם פרעמדן ביז פאַרטאָג.

אין שפּעטער נאַכט איז דער פלאָם פון דעם אייל־לעמפל קלענער

געוואָרן. דער ווינט איז וואָס אַמאָל בייזער געוואָרן און ניט אויפ־געהערט ברומען הינטער די פענצטער. אין שטוב איז געווען שטיל און טונקל, שטומע שאָטנס האָבן זיך לייכט באַוועגט אויף די ווענט. אין דער שפּעטער נאַכט איז דעם וואַנדערערס קול געוואָרן דין און טיף און אין טאָלים אויערן אָפּגעקלונגען ווי אַ ווייט ווידער־קול פון אַ וואונדער־גלעקל. טאָלי האָט פאַרגעסן אַן טויבן־שלאָק. ער האָט פאַרגעסן אַן שלאָף, אַן אַלץ און אַן אַלעמען, אפילו אַן טאָבין, נאָר נאָכט נאָך נאָכט זיך צוגעהערט צו די מעשות. און דער פרעמדער? ער איז גאָר ניט מיד געוואָרן, נאָר דערציילט און דערציילט.

— און איצט וועל איך דערציילן פון אַ לאַנד, וואָס ליגט פון יענער זייט סמבטיון און פון אַן אַנדער לאַנד זייער אַ רייכס.

— וואָס איז אַזוינס סמבטיון? — האָט טאָלי מיט נייגעריקייט געפרעגט.

— סמבטיון איז אַזאַ פאַרבאַרגענער טייך, וואָס קיינער ווייסט ניט וואו ער געפינט זיך. אַ גאַנצע וואָך וואַרפט דער טייך פון זיך גרויסע שטיינער, ווייל ער וויל ניט מען זאָל צו אים נאָענט צוקומען. ער רוט נאָר שבת, — אין דעם רוטאָג פון די אידן. און דאָרטן, אויף דער אַנדערער זייט פון דעם טייך, וואוינען אין וואוילטאָג צען פאַרלוירענע שבטים פון דעם אידישן פאָלק.

— און ווער זיינען די צען פאַרלוירענע שבטים? — האָט טאָלי ווידער איבערגעשלאָגן.

— אַמאָל, ווען די אידן האָבן געהאַט אַן אייגן לאַנד זיינען זיי געווען איינגעטיילט אין צוועלף שבטים. ווען זיי זיינען אָבער פאַר־טריבן געוואָרן פון זייער לאַנד און זיי האָבן זיך אָנגעהויבן אוים־שפּרייטן איבער דער גאַנצער וועלט, זיינען צען שבטים זיך פאַר־גאַנגען אַזש פון יענער זייט סמבטיון. אַ סך מענטשן האָבן זיך שוין געלאָזט זוכן דאָס פאַרבאַרגענע לאַנד און די צען פאַרלוירענע שבטים. זיי האָבן אָבער גאָרניט געפונען

— זיי האָבן ניט גוט געזוכט. איך ווייס פאַרוואָס. זיי האָבן מורא געהאַט פאַר די שטיינער, — האָט טאָלי זיך אָנגערופן.

— און דאָס רייכע לאַנד ליגט אויך אויף דער אַנדערער זייט פון אַ גרויס און בייז וואַסער. עס איז אָבער ניט קיין טייך נאָר אַ טיפער און ווייטער ים. הייסן, הייסט דער ים, — אויך סמבטיון? האָט טאָלי איבערגעריסן די רייד פון דעם פרעמדן.

— ניין קינד, דער ים הייסט אַטלאַנטיק. אויך צו יענעם לאַנד איז זייער שווער צוצוקומען. מען דאַרף אַהין פאָרן מיט פערד־און־וואָגן דורך געדיכטע וועלדער, וואו עס האַלטן זיך רויבער. מיט באַנען אויף שטאַרקע הויכע בריקן,און מיט שיפן אויף די שטורעמדיקע בייזע וואַסערן פון דעם ים. וואויל און גוט איז די מענטשן וואָס וואוינען אויף יענער זייט טייך סמבטיון.

— פון וואַנען ווייסט מען דאָס? קיינער איז דאָך דאָרטן ניט געווען, — האָט טאָלי געפרעגט.

— מע ווייסט, מע ווייסט, אַ פויגל האָט אַמאָל פון דאָרטן גע־בראַכט אַ בריוו. אָבער נאָך בעסער איז די מענטשן וואָס וואוינען אין דעם לאַנד פון יענער זייט ים. דאָס גאָלדענע לאַנד רופט מען עס. אַלע גייען דאָרטן אָנגעטאָן אין שיך, סיי זומער און ווינטער. אַלע טראָגן דאָרטן שיינע קליידער אפילו אינ־דערוואָכן. פלייש און פרישע חלה עסט מען דאָרטן יעדן טאָג. די מענטשן זיינען דאָרטן רייך און גליקלעך, ווייל אין יענעם לאַנד זענען די בערג פול מיט גאָלד, די קוואַלן פול מיט אייל און די פעל־דער פול מיט ווייץ.

ווען דער שניי־שטורעם איז שטילער געוואָרן האָט דער פרעמדער וואַנדערער גענומען זיין פעקל אונטערן אָרעם און אַוועק זיין וועג. טאָלי האָט אָבער ניט פאַרגעסן די אַלע מעשות. איין נאַכט האָט זיך אים אפילו געחלומט, אַז ער און טאָבי האָבן געפונען דעם פאַר־באָרגענעם טייך וואָס וואַרפט מיט שטיינער. זיי האָבן זיך ניט איבערגעשראָקן פאַר די שטיינער, נאָר אַריינגעשפרונגען אין וואַסער אַריין און זיך געלאָזט שווימען. אין מיטן שווימען האָט ער זיך אָבער אויפגעכאַפּט. אַ וואַכעדיקער האָט ער דערנאָך מיט אויפ־

גערימענע אויגן געקוקט אין דער פינצטערניש און גערעדט צו זיך אליין אין דער שטיל:

— סמבטיון, ים, גאָלדן לאַנד, — איך וועל עס דערציילן טאַבין.

ער וואָלט אפילו שוין אַראָפּ פונם בעט, זיך אַנגעטאָן אין טאַטנס שטיוול און איצט, אין מיטן נאַכט, געגאַנגען אין וואַלד אַריין איר דאָס דערציילן. ער ווייסט אָבער, אַז דער וואַלד־וועג איז איצט פאַרבלאָזן מיט שניי און טאַבי שלאָפט שוין.



# טאַבי שלאָפט ניט

טאַבי איז געווען וואַך, ביז פאַרטאָג. אין דער נאַכט ווען טאַלי האָט צו איר געוואָלט גיין.

ווי נאָר מען האָט אין וואַלד־שטיבל אויסגעלאָשן דאָס לעמפל און אַלע האָבן זיך אַוועקגעלייגט אויף זייערע געלעגערס, האָבן זיך צעברילט און צעיאָמערט די ווילדע חיות פון וואַלד. די נאַכט איז געווען אַ קאַלטע און דער שניי איז געלעגן אַ טיפער צווישן דיביימער. אין אַזאַ פראָסטיקער און פאַרשנייטער ווינטער־נאַכט זיינען די חיות בייז און הונגעריק. זיי לויפן אַרום און זוכן וואָס זיך אַריינצובייסן מיט זייערע שאַרפע ציין. אַלעמאָל האָט אַן אַנדער קול זיך דערטראָגן צו טאַבים אויערן. די קולות האָבן אָבער טאַבין ניט איבערגעשראָקן. מענטשן, וואָס וואוינען אין וואַלד זיינען שוין צוגעוואוינט דערצו. די געשרייען האָבן זי אָבער ניט געלאָזט איינשלאָפן, האָט זי זיך אַלעמאָל אויפגעזעצט און זיך איינגעהערט.

— טאַבי, לייג דיך אַוועק און שלאָף, — האָט די מאַמע פון איר געלעגער זיך אָנגערופן. און באַלד נאָך איר דער טאַטע. — אַ פוקס האָט שוין ווידער געכאַפּט אַ האָז.

טאַבי האָט זיך אַוועקגעלייגט און באַלד ווידער זיך אויפגעזעצט.

— דעק דיך צו איבערן קאָפּ און שלאָף, דו הערסט? — האָט די מאַמע איצט שוין ווי אָנגעשריגן אויף טאַבין.

— אַ וואָלף האָט איצט אַריינגעכאַפּט אַ יונגן הירש אין זיינע ציין, — האָט דער טאַטע זיך אָפּגעזאָגט און זיך אויסגעדרייט אויף דער אַנדערער זייט.

טאַבי האָט זיך איבערגעדעקט איבערן קאָפּ. זי האָט אָבער פאָרט ניט געקענט שלאָפן. זי איז געלעגן אונטערן דעק און געטראַכט

פון דעם ווייסן וואַלד, פון די שטייפע ביימער, וואָס האָבן אין אירע אויגן איצט אויסגעזען ווי נאַקעטע פאַרפרוירענע מענטשן. זי האָט געטראַכט פון די אָרימע שוואַכע חיות, ווי זיי ווערן באַפאַלן פון די שטאַרקע און ווערן פאַרצוקט לעבעדיקערהייט.

מיטאַמאָל האָט זי דערהערט אַ שטילן גערויש הינטער דער וואַנט לעבן שטאַל. טאָבי האָט זיך אָפּגעדעקט און זיך ווידער אויפגעזעצט. עמיצער האָט גענומען רייסן דעם פאַרשנייטן דאַך פון שטאַל. אַ שאָף האָט אָנגעהויבן מעקען. טאָבי איז אַראָפּ פון איר געלעגער און גענומען וועקן דעם טאַטן: — עמיצער איז אין שטאַל, — האָט זי אין דער שטיל אַרויסגערעדט. — ש-ש-ש, — האָט דער וואַלדהיטער גערעדט אויף שטום-לשון צו טאָבין און איז אַראָפּ פון בעט. ער האָט אין דער גיך אַרויפגעשלעפּט זיינע שטיוול אויף די פיס, אַראָפּגעכאַפּט די ביקס פון דער וואַנט, שטילערהייט אַרויס אין דרויסן און שוין — פּיף, פּיף, פּיף. — ער האָט דריי מאָל אויסגעשאָסן. איצט איז די מאַמע שוין אויך אַרויס אין דרויסן און טאָבי אַ באָר־וויסע נאָך איר.

— וועלף זיינען אַריין אין שטאַל. זיי האָבן צוגענומען אַ שעפּעלע, — האָט דער טאַטע זיך קאַלטבלוטיק גערעדט.

ווען טאָבי איז אַרויסגעקומען האָבן שוין אַלע שאָף געמעקעט. אין דער ליכטיקער ווייסער נאַכט האָט זי אויפן קלאָר־ווייסן שניי געזען לויפן דריי וועלף. זיי האָבן זיך געיאָגט צו דער געדיכטעניש פון וואַלד און געוואָיעט אויפן קול. איינער האָט אין מויל געטראָגן דאָס שעפּעלע. צוויי פון די וועלף זיינען באַלד פאַרלוירן געוואָרן צווישן די ביימער און דער דריטער, טאַקע דער, וואָס האָט געטראָגן דעם רויב צווישן זיינע ציין, האָט אַריינגעכאַפּט צוויי פון די אויסגעשאָסענע קוילן און אָנגעהויבן בלייבן הינטערשטעליק. אַ פאַרוואונדעטער איז ער נאָך אָפּגעלאָפן אַ שטיקל וועגס און דער־נאָך אוועקגעפאַלן אַ טויטער. דאָס שעפּעלע איז שוין אָבער אויך געווען טויט.

דער וואַלדהיטער האָט אַריינגעשלעפּט דעם וואָלף און דאָס

שעפּעלע אין שטיבל אַריין. אַלע האָבן באַטראַכט דעם וואָלף באַם שיין פון לעמפּל. — אַזאַ יונגער, נאָך אַפילו ניט קיין אויסגעוואַק־סענער און גייט שוין אויך אויף רויב, — האָט טאָבים טאַטע מיט בייזקייט אַרויסגעברומט.

טאָבי האָט דעמאָלט צום ערשטן מאָל געזען אַ וואָלף. זי איז צוריק אַוועק צו איר געלעגער און געלעגן אַ וואַכעדיקע ביז עס האָט אָנגעהויבן בלויען דער מאָרגן. זי האָט געטראַכט פון די וועלף. וואָס טוען איצט די צוויי, וואָס זיינען אַוועק מיטן לעבן? צי וועלן זיי וויסן וואו דער דריטער איז אַהינגעקומען? און אפשר איז גאָר דער יונגער וואָלף, וואָס ליגט איצט ניט ווייט פון איר געלעגער, זייערס אַן איינציק קינד? זי האָט פאַר זיך געזען דאָס יונגע שעפּעלע מיטן ווייסן פלעק אויפן שטערן, ווי עס איז געלעגן לעבן וואָלף און טרערן האָבן זיך איר געשטעלט אין די אויגן. דערנאָך האָט זי געטראַכט פון טאַלין. זאָל נאָר קומען דער פרילינג וועט זי אים שוין אַלץ דער־ציילן. זי וועט אַפילו פאַר אים נאָכמאַכן ווי אַזוי אַ וואָלף וואָיעט. וואָלטן טאַטע מאַמע ניט געשלאָפן, וואָלט זי איצט אין מיטן נאַכט זיך צעוואָיעט.

ווען די גרויקייט פון מאָרגן האָט שוין אָנגעהויבן אַריינקומען דורכן פענצטער איז זי ביסלעכווייז איינגעשלאָפן.



## טאָלי קלאַפּט אָן אין טאָבים פענצטער

טאָל און וואַלד האָבן ווי פון שלאָף זיך אויפגעכאַפּט. זיי האָבן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די ווייסע דעק. זיך אָנגעטאָן אין גרינעם און ווי פּאַר טאָלין און טאָבין זיך אויסגעפּוצט מיט בלומען פון אַלערליי קאָלירן. די זון האָט זיך אָפּגעשטעלט אין טאָלים און אין טאָבים פענצטער און גערופן צו דעם אויסגעפּוצטן דרויסן.

טאָלי איז אין ערשטן וואַרימען טאָג אַרויס פון שטוב. צוערשט איז ער אַוועק צו זיינע אַלטע נעסטן זען צי זיינע פייגל זיינען שוין צוריקגעקומען פון די וואַרימע לענדער און דערנאָך איז ער געגאַנגען מיט דער וואַלד־סטעזשקע צו טאָבין. ער איז אין איין אָטעם צוגע־לאָפן צום שטיבל און עטלעכע מאָל אָנגעקלאַפּט אין פענצטער.

— טאָבי, דער ווינטער איז שוין אַוועק.

— טאָבי, מיינע זינגפייגל זיינען שוין צוריקגעקומען.

— טאָבי קום אַרויס אין דרויסן וועלן מיר זיך שפּילן, — האָט ער זי גערופן פון הינטערן פענצטער.

טאָבי האָט נאָר דערהערט זיין קול איז זי גיך אַרויס אין דרויסן. דערפרייטע האָבן זיי זיך געכאַפּט פאַר די הענט און ווי אַ ווינט זיך אַוועקגעיאָגט אין טאָל אַריין. דאָרטן האָבן זיי זיך ביידע צוגעזעצט הינטער אַ שטיין און פאַרשעמטע איינס ס׳אַנדערע אָנגעקוקט. טאָבי האָט באַטראַכט טאָלים פּנים. עפּעס האָט עס אויסגעזען אַנדערש ווי אין לעצטן זומער. טאָלי האָט געקוקט אויף טאָבים פּים. איבערן ווינטער זיינען זיי געוואָרן ווייס און גרעסער ווי זיי זיינען געווען. איידער זיי האָבן אָנגעהויבן רעדן האָבן זיי איינס ס׳אַנדערע געוויזן אַלע נייע קונצן, וואָס זיי האָבן איבערן ווינטער זיך אויסגעלערנט. טאָלי האָט אַריינגענומען אַ גרין בלעטל אין מויל און נאָכגעמאַכט

דאָס געזאַנג פון פאַרשידענע פייגל. ער האָט זיך עטלעכע מאָל נאָכאַנאַנד איבערגעקוליעט, זיך געשטעלט מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף און געגאַנגען אויף די הענט אַ שטיק וועגס. טאָבי האָט ס'ערשטע זיך צעוואָיעט ווי אַ וואָלף, דערנאָך האָט זי באַוועגט מיט די אויערן ווי אַ האָז און געקראָכן אויפן בויך ווי אַ שלאַנג. ערשט נאָך די אַלע קונצן זיינען זיי געוואָרן היימיש און זיך אָנגעהויבן אַלץ אויסצודערציילן.

אין יענעם זומער זיינען זיי יעדן טאָג פון פרימאָרגן ביז אָוונט געווען צוזאַמען אין טאָל. אין יענעם זומער האָט טאָבי שוין געפּאַשעט אירע שעפּעלעך און טאָלי האָט געפּאַשעט אַ קו מיט אַ קעלבל און אַ פערד.

טאָלים טאַטע האָט געהאַט צוויי פערד וואָס האָבן שטענדיק געאַרבעט אין פעלד. דאָס פערד וואָס ער האָט געפּאַשעט איז טאַקע געווען זיינס. ער האָט עס אָנהייב פרילינג געפונען ליגן לעבן אַ בוים. ווייזט אויס, אַז עמיצער האָט עס נאָך אין ווינטער געהאַט אַרויסגעטריבן פון שטאַל. אַזאַ פערד האָט קיינער ניט געוואָלט האַלטן בא זיך און קיינער האָט עס שוין ניט געוואָלט קויפן. עס איז געווען בלינד אויף איין אויג, די פעל איז איינגאַנצן געווען אויסגעקראָכן און צעריסן. דערצו איז עס נאָך געווען שטאַרק אויסגעדאַרט. טאָלי האָט נאָר דערזען דאָס פערד איז ער אַוועק אָנזאָגן טאָבין.

— איך האָב געפונען אַ פערד. קום, וועלן מיר אויף אים רייטן, — האָט ער זי גערופן. זיי זיינען ביידע אַוועק צום פערד און עס באַטראַכט פון אַלע זייטן. זיי האָבן געטראַכט באַלד זיך אויפצוזעצן אויף דעם פערד. אָבער ווען זיי האָבן עס גענומען אויפטרייבן, האָט דאָס פערד קוים, קוים אויפגעהויבן דעם קאָפּ בלויז, און מיט דעם איינציקן אויג טרויעריק געקוקט אויף די צוויי יונגע מענטשן און צו זיי גערעדט אויף שטום-לשון: — איך קען ניט, קינדער. איך קען זיך ניט אויפשטעלן. איך האַלט שוין ביים שטאַרבן. ביידע האָבן שטאַרק רחמנות באַקומען אויף דעם פערד און אַוועק ברענגען עסן. טאָלי האָט געבראַכט היי, פולע קעשענעס מיט קאַשע-גרויפּן. טאָבי

האָט געבראַכט ברויט, יונג גראָז און טרוקענע עפּל. אויף אויסצופּוצן דאָס פערד האָט זי געבראַכט אַ שנירל קרעלן פון וואַלד־ניסלעך. דאָס פערד איז געווען הונגעריק און אַלץ אויפגעגעסן, אַפילו דאָס שנירל וואַלד־ניסלעך, וואָס טאָבי האָט אים אָנגעטאָן אויפן האַלדז. זיי זיינען געקומען צום פערד יעדן טאָג. זיי האָבן אים געהאָדעוועט מיט אַלעם גוטן און אים געוואַשן און געפּוצט. עס האָט ניט גענומען לאַנג און דאָס פערד איז צו זיך געקומען און זיך ווידער געשטעלט אויף די פיס. דעמאָלט האָט טאָבי עס מיט גרויס פרייד אַהיימגעפירט און עס איז שוין פאַרבליבן זיינס און טאָבים.

אין מיטן זומער איז דאָס פערד ניט געווען צום דערקענען. עס האָט באַקומען אַ שיינע גלאַנציקע פעל און איז געוואָרן לעבע־דיק און פריילעך. טאָלי און טאָבי האָבן עס געהאָדעוועט, זיי האָבן עס געפּוצט מיט בלומען און מיט רויטע סטענגעס און אויף אים אַרומגעריטן אין טאָל.



# פון יענער זייט באַרג

דורכן זומער האָט טאָלי ניט איינמאָל פאַר טאַבין איבערדערציילט די מעשׂות פון די אומבאַקאַנטע און ווייטע לענדער. ווען זיי זיינען געזעסן ביים וואַסער האָבן זיי אָפטמאָל אויסגעפלאָכטן קליינע שיפלעך פון גרינע ריטלעך, זיי אָנגעלאָדן מיט געלע מילכבלומען, אַריינגעזעצט אַ גאָלד־גרינע זשאַבע פאַר אַ קאַפּיטאַן און זיי אַוועקגעלאָזט מיטן שטראָם.

— קאַפּיטאַן אין גאָלדענעם מונדיר! צו די אידן פון יענער זייט סמבטיון שווים. — פיר דיין שיף צום גאָלדענעם לאַנד. — האָבן זיי ביידע נאָכגעשריגן די שווימענדיקע שיפן.

איינמאָל האָבן זיי אין מיטן העלן טאָג איבערגעלאָזט אין טאָל די שאָף, די קו מיטן קעלבל, זיך אויפגעזעצט אויפן פערד און זיך אַוועקגעלאָזט זוכן דעם טייך סמבטיון.

— טאַבי, איך וועל זיך ניט איבערשרעקן פאַר די שטיינער, וואָס דער טייך וואַרפט. דו וועסט שוין זען.

— און איך וועל ניט מורא האָבן צו רייטן מיט דיר ביינאַכט דורכן וואַלד. — אַזוי האָבן זיי צווישן זיך גערעדט און דאָס פערד האָט צוגעטרייסלט מיט די אויערן, גלייך ווי עס וואָלט וועלן זאָגן:

— איך האָב אויך פאַר גאָרניט קיין מורא. איך וועל אייך טראָגן וואוהין איר וועט נאָר וועלן, בראַווע רייטער מיינע.

ווער ווייסט וואו זיי וואָלטן געווען אַזוי פאַרפאָרן, ווען זיי זאָלן, קעגן נאַכט, ניט געווען באַגעגענען אַ האָלצהעקער, וואָס האָט געקענט טאַבין.

— וואוהין רייט איר דאָס אַזוי שפּעט? אַ בער וועט דאָך באַלד אַרויס צו אייך. שוין זאָלט איר אייך אומקערן אַהיים. — האָט

ער אויף זיי אַנגעשריגן. ביידע רייטער האָבן אַרויסגעשאָסן מיט אַ געוויין און געפּאָלגט דעם האַלצהעקער און זיך אומגעקערט אהיים.

אין פאַרנאַכט זיינען זיי געזעסן אויפן שפּיץ פון באַרג און פון דאָרטן געהיט זייער טשערעדע. אויף זייערע פּנימער האָט זיך אָפּגע־שלאָגן דאָס רויטע פייער פון דער פאַרגייענדיקער זון. ביידע זיינען געווען פאַרטראַכט ווי גרויסע מענטשן. פּלוצלינג האָט טאָבי זיך אָנגערופן.

— איאָ מיר וועלן ביידע חתונה האָבן?

— יאָ, ווען מיר וועלן אויסוואַקסן, — האָט טאָלי געענטפערט.

— און וואָס וועסטו זיין? אַ וואַלדהיטער, צי אַ יעגער מיט אַ האָרן?

— איך וועל ניט זיין קיין וואַלדהיטער און איך וועל אויך ניט זיין קיין יעגער. איך וועל אַקערן מיין טאַטנס ערד. דער טאַטע זאָגט, אַז איך וועל שוין איבעראַיאָר מיט אים גיין אין פעלד אַריין.

די זון איז געוואָרן וואָס אַמאָל רויטער און גרעסער און גענידערט צום באַרג. טאָלין און טאָבין האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די זון זיצט אַזוי נאָענט לעבן זיי נאָר צו דערלאַנגען.

— טאָלי, וואָס איז דאָרטן פון יענער זייט באַרג, וואו דער הימל פאַלט אַראָפּ? — האָט טאָבי געפרעגט.

— פון יענער זייט? — האָט טאָלי איבערגערעדט די ווערטער.

— ווער ווייסט, אפשר איז דאָרטן דער טייך סמבטיון? —

— און אפשר גאָר דאָס גאָלדענע לאַנד? —

— טאָבי, קום לאָמיר אַרויפקריכן אויף די הויכע שטיינער

— לאָמיר, וועלן מיר זען וואָס עס איז דאָרטן פון יענער זייט באַרג און פון יענער זייט הימל.

אויפן באַרג זיינען געווען הויכע פעלזן. זיי האָבן אויסגעזען ווי ביימער וואָס זייערע קרוינען און צווייגן זיינען אָפּגעברענט געוואָרן. טאָלי און טאָבי האָבן גיך און פלינק זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף דעם העכסטן פון זיי און זיך אויסגעקוקט די אויגן נאָך די לענדער, וועגן וועלכע דער וואַנדערער האָט דערציילט. פון שפּיץ פעלז האָט מען

אָבער בלויז אָנגעזען די קליינע שטיבלעך פון דאָרף, דאָס וואַסער, וואָס האָט פון דער הויך אויסגעזען ווי אַ פאַרביקע סטענגע אין אַ קײלעכיקן בלאָען הימל. טאָלי האָט האַלב פאַרמאַכט די אויגן און שטילערהייט אַרויסגערעדט די ווערטער: — סמבטיון, — ים, — גאָלדן לאַנד. — טאָבי האָט אויך אַראָפּגעלאָזט די אויגנדעקלעך און ווי אַ צוויבער־שפּרוך איבערגערעדט די ווערטער: — סמבטיון, — ים, — גאָלדן לאַנד, — און ביידע זיינען אין שטילן פאַרנאַכט, ווי אויף פליגל אַוועקגעטראָגן געוואָרן אין אַ צויבערלאַנד.

ערשט ווען די שילפזינגערלעך האָבן אָנגעהויבן אויסזינגען זייער אָוונטליד, האָבן זיי זיך ווי פון אַ חלום אויפגעוועקט און אַראָפּגעקראָכן פון דעם שטיין און פון דעם באַרג.

— דו ווייסט, איך האָב געזען ווי די שטיבלעך פון דאָרף האָבן זיך אויסגעצויגן און זיי זיינען געוואָרן הויכע און גרויסע הייזער מיט גאָלדענע און זילבערנע דעכער ווי אין גאָלדענעם לאַנד. — האָט טאָבי זיך אויסגעריבן די אויגן.

— און איך האָב געזען ווי אונדזער וואַסער האָט זיך אויסגעגאָסן איבערן גאַנצן טאָל און געוואָרן אַ ים. צוערשט האָט דער ים זיך צערוישט מיט גרויסע און בייזע כוואַליעס און דערנאָך האָט ער גענומען וואַרפן און וואַרפן מיט שטיינער, — האָט טאָלי זיך אָנגערופן.

זיי האָבן דערנאָך פאַרנומען די שאָף, די קו מיטן קעלבל, און זיך ביידע אויפגעזעצט אויפן פערד. רייטנדיק אַהיים האָבן זיי דערנאָך ווי צוריקגעקומענע פון אַ ווייטן וועג זיך אויסדערצײלט וואָס זיי האָבן דאָרט געזען.



# ציגײַנער קומען

אין אַ זומערדיקן פֿאַרנאַכט האָבן זיך באַוויזן אין טאָל עטלעכע בוידן מיט ציגײַנער. ווי נאָר טאָלי און טאָבי האָבן פֿונם באַרג זיי דערזען אָנקומען, האָבן זיי אין דער גיך צונויפֿגענומען זייערע טשע-רעדעס און אַנטלאָפֿן אַהיים.

די ציגײַנער האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין טאָל לעבן אַן אַלטן צעוואַקסענעם ליפּע-בוים. זיי האָבן דאָרטן אויפֿגעשטעלט אַ געצעלט און צעלייגט אַ גרויס פֿײַער. אַ טייל פֿון זיי זײַנען געבליבן באַם פֿײַער און אַ טייל האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אין דאָרף אַרײַן. די דאָרפֿ-מענטשן האָבן פֿײַנט געהאַט די ציגײַנער. זיי האָבן זיי אַפֿילו ניט אַרײַנגעלאָזט אין די שטיבער. און ניט אומזיסט האָט מען זיי אַזוי פֿײַנט געהאַט. די ציגײַנער האָבן געגנבֿעט וואָס זיי האָבן נאָר דערזען. האָבן זיי דערזען אַ פֿערד האָבן זיי געגנבֿעט אַ פֿערד, האָבן זיי געטראָפֿן אַ נאָדל האָבן זיי צוגענומען אַ נאָדל. אָבער דאָס יונגוואַרג פֿונם דאָרף, האָט זיי אַרויסגעטראָגן שטיקער ברויט, טאַטע מאַמע זאָלן ניט זען. דערפֿאַר האָבן די ציגײַנער פֿון די אײַנגלשע און מיידלשע יונגע הענט אַרויסגעלייענט דאָס מזל. זיי האָבן פֿאַרויס-געזאָגט ווען די מיידלעך וועלן חתונה האָבן און וויפֿל פֿעלד און וויפֿל בהמות די אינגלעך וועלן פֿאַרמאָגן.

דעמזעלביקן פֿאַרנאַכט, וואָס די ציגײַנער זענען אָנגעקומען, איז איינע פֿון זיי, אַן אַלטע, אַ באַהאַנגענע מיט שנירלעך. קרעלן און מיט קופּערנע און זילבערנע מטבעות, צוגעקומען צו דער שטוב אין טאָל בעטן ברויט. טאָלי מיט זײַן הויזגעזינט זענען דעמאָלט געזעסן אין דרויסן פֿאַר דער טיר און געגעסן וועטשערע. די מאַמע האָט באַלד אָפּגעשניטן אַ רייפֿטל ברויט און טאָלי האָט עס דערלאַנגט דער ציגײַ-

נערטע. אָבער נאָך איידער די אַלטע האָט צוגענומען דאָס ברויט האָט זי אַ כאַפּ געטאָן טאָלים רעכטע האַנט און פון איר אַרויסגע־לייענט ווי פון אַ בוך:

— ניט דיינע פעלדער וועסטו אַקערן. דיין טאַטנס שאָף און רינדער וועסטו ניט פיטערן. ווייץ און קאָרן וועסטו דאָ ניט זייען און ניט שניידן. אויף באַנען און אויף גרויסע שיפן וועסטו פאָרן, און אין ווייטע לענדער וועסטו וואַנדערן.

— כאַ־כאַ, — האָבן טאַטע מאַמע זיך שטאַרק צעלאַכט און ביידע מיטאַמאָל זיך אָנגערופן, — ער וועט פאָרן, אין פעלד אַריין וועט ער שוין איבעראַיאָר פאָרן, אַהין וואו זיינע זיידעס זיינען געפאָרן.

פון דער ציגיינערטעס רייד איז טאָלי, אין מיטן עסן, געבליבן זיצן אַ פאַרטראַכטער מיטן הילצערנעם לעפל אין דער האַנט. ער האָט אַפילו ניט געזען ווען זי איז אַוועקגעגאַנגען.

אַ צעשראָקן ווייס שעפעלע, מיט אַ גלעקל אויפן האַלדז, איז פון ערגיץ אָנגעלאָפן און גלייך צו צו טאָלין.

— טאָבים באַזי! — האָט טאָלי אַ פאַרוואונדערטער אויסגע־שריגן און עס גענומען אויף די הענט.

— אוודאי פאַרלאָרן געגאַנגען אויפן וועג אַהיים, — האָט די מאַמע געגלעט דאָס שעפעלע און עס געגעבן מילך אין טאָלים שיסל.

— נעם זעץ דיך אויף אויפן פערד און פיר עס אָפּ אַהיים איידער עס ווערט פינצטער, — האָט דער טאַטע זיך אָנגערופן.

טאָלי האָט גענומען דאָס שעפעלע אונטערן אָרעם, זיך אויפגע־זעצט אויף זיין פערד און מיטן שמאָלן וועג געריטן באַרג אַרויף אין וואַלד אַריין. די זון איז שוין געווען אונטערן באַרג. עס איז געווען שטיל אין וואַלד, נאָר עטלעכע פייגל האָבן אַרויסגעזונגען דאָס שענסטע געזאַנג צום פאַרגייענדיקן ליכטיקן טאָג און צו דער אָנקו־מענדיקער שטילער נאַכט. אָן עכאָ האָט עטלעכע מאָל געבראַכט אין וואַלד אַריין אָפּגעריסענע קלאַנגען פון טאָל. — דאָס זינגען אַזוי די ציגיינער בײַ זייער פייער, — האָט טאָלי צו זיך אַליין גערעדט און

געטראַכט, אַז באַלד וועט ער דערציילן טאַבין וואָס די אַלטע ציגיי־נערין האָט אַרויסגעלייענט פון זיין האַנטפלאַך.

ווען ער איז צוגעריטן צום וואַלדשטיבל האָט ער דערזען לויפן עטלעכע צעשראָקענע מעקענדיקע שאָף. טאַבים טאַטע מאַמע זענען אַרויסגעקומען.

— איך האָב געבראַכט באַזין, — האָט טאָלי זיך אָנגערופן און אַ צעטומלטער געקוקט אויף די שאָף.

— און טאַבי וואו איז? — האָבן טאַטע מאַמע געפרעגט.

— וואו איז טאַבי? — האָט טאָלי איבערגעפרעגט. — ציגיינער זיינען געקומען אין טאָל אריין האָבן מיר אַהיימגעטריבן פאַרפרי. —

אין דער רגע האָט טאָלי זיך דערמאָנט, וואָס אַ פּאַסטוך האָט אין טאָל דערציילט. — ציגיינער האָבן אַמאָל צוגעגנבעט אַ אינ־געלע פון דאָרף. זיי האָבן אים געמאַכט אַן אָפּעראַציע אויפן מויל און אויף די אויגן, ער זאָל אויסזען ווי אַ פאַרזעעניש און אים דערנאָך פאַרקויפט צו אַ צירקוס. דאָס אינגל האָט קיינמאָל ניט פאַרגעסן אַן זיין היים, אַן זיין טאַטע מאַמע און מיט יאָרן שפּעטער אַהיימגע־קומען. קיינער האָט אים אָבער ניט דערקענט. זיינע אויגן זיינען געווען קליין ווי באַ אַ מויז און די עפנונג פון זיין מויל האָט זיך געצויגן ביז צו די באַקנביינער. אַפילו ווען ער האָט געהאַלטן פאַר־מאַכט דאָס מויל האָבן שטענדיק אַרויסגעשטאַרצט זיינע ציין ביז צום לעצטן באַקצאָן.

— די ציגיינער האָבן זי צוגענומען, — האָט די מאַמע פאַרבראָכן די הענט און אָנגעהויבן וויינען.

דער טאַטע האָט בלויז אַ בייזן ברום געטאָן, אַריינגעלאָפן אין שטוב און באַלד צוריק אַרויסגעקומען מיט דער ביקס אין האַנט.

— וואו זיינען זיי די ציגיינער? — האָט ער געקריצט מיט די ציין.

— זיי זיינען אַזש לעבן פעלדוועג. פון אונדזער באַרג זעט מען זיי אָן, — האָט טאָלי געענטפערט.

# כאַפּט די ציגיינער

טאָלי אויפן פערד, טאַבים טאַטע מאַמע נאָך אים צופוס, זענען אַוועק מיטן וועג, וואָס פירט צו דער שטוב אין טאָל.

— זיי האָבן צוגענומען מיין קינד די רויבער, — האָט די מאַמע דעם גאַנצן וועג געשריגן און געוויינט. דער טאַטע האָט געטראָגן די ביקס אין האַנט גרייט צו שיסן און קיין וואָרט זיך ניט אָנגערופן. ווען זיי זענען צוגעקומען צו דער שטוב אין טאָל האָט טאָלים מאַמע איר געהאָלפן וויינען און שרייען. דער טאַטע זיינער האָט קיין איין מינוט ניט פאַרלוירן. ער האָט אין דער גיך אַרויסגעפירט פון שטאָל זיינע פלינקע צוויי פערדלעך, אַ כאַפּ געטאָן אַן אייזערנעם היי־גאָפּל אין האַנט, אָנגעזאָגט טאָלין ער זאָל גוט אַכטונג געבן אויף דער שטוב און ביידע טאַטעס זענען אַוועק אויף די פערדלעך זוכן טאַבין. די פערד האָבן מיט דער שנעלקייט פון אָדלערס אַוועקגעטראָגן די רייטער, אַזש אַ ווינט האָט צעבלאָזן זייערע גריוועס און די בערד פון די טאַטעס.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צום פעלדוועג לעבן די אַלטע ליפּע־ביימער האָבן זיי די ציגיינער שוין ניט געטראָפן. עס האָט דאָרטן געפלאַקערט אַ פייער און פון פייער האָט געשמעקט מיט געבראָטן שאָפן פלייש און מיט געברענטע וואָל.

עס איז געווען ליכטיק אין דרויסן. דער הימל האָט געהאַט אַ גאַנצע לבנה און אויסגעזען ווי צעלעכערט פון די מיליאָנען גרויסע און קליינע שטערן.

די טאַטעס האָבן זיך געדרייט מיט די פערדלעך אַרום דעם פייער און געקוקט אין אַלע זייטן.

— איך זע זיי, איך זע זיי. זיי זיינען אויף יענער זייט וואַסער,

— האָבן זיי פּלוצלינג דערהערט טאָלים קול און באַלד אים דערזען אַראָפּקריכן פון אַ הויכן ליפּע־בוים. לעבן בוים האָבן זיי אויך דערזען זיין פערד. דער טאַטע זיינער האָט אויף אים געוואָלט אָנשרייען, פאַרוואָס ער איז ניט געבליבן היטן די היים, אָבער טאָלי האָט אים פאַררעדט.

— איך האָב דורכגעשניטן מיט די פעלדער. עס איז אַ סך נענטער. איך האָב מיטגענומען אַ שטריק אויף צו בינדן די ציגיינער. — און שוין איז ער געזעסן אויף זיין פערד און ווי באַפעלט, — מיטן וואַסער וועלן מיר זיי פאַרלויפן דעם וועג.

טאָלים פערד איז נאָך קיינמאָל ניט געווען אַזוי רירעוודיק ווי אין יענעם אָוונט. עס האָט געשפּיצט די אויערן, געפּאַרקעט מיט דער נאָז און געפלויגן ווי אַ ווינט. ניט אַנדערש נאָר דאָס פערד האָט געשפּירט, אַז עפּעס איז דאָ געשען, אַז ניט אומזיסט יאָגט מען זיך מיט אים אַרום איבער די פעלדער אַזוי שפּעט אין דער נאַכט. טאָלי איז געריטן פאָרויס און די טאַטעס נאָך אים. זיי זענען רייטנדיק אויף די פערד אַריבערגעשוואומען דאָס וואַסער אין די קליידער און נאַס געוואָרן ביז צו די בייכער. דערנאָך האָבן זיי זיך אַוועקגעלאָזט מיטן באַרג. דאָס אַלץ איז געווען טאָלים פּלאַן.

די ציגיינער האָבן באַמערקט די רייטער הינטער זיך און גענומען קרומען די וועגן און שטאַרק יאָגן די פערד. טאָלים טאַטע האָט רייטנדיק אויפגעכאַפּט טרוקן היי פון פעלד, אויסגעפּלאַכטן דערפון גראָבע שטורקאַצן און ווי ליכט זיי אָנגעצונדן. טאָבים טאַטע האָט עטלעכע מאָל אויסגעשאָסן אין דער לופטן און אַלע דריי האָבן אָנגעהויבן שרייען אויפן קול, — כאַפּט די ציגיינער! כאַפּט די ציגיינער!

עטלעכע פּויערים, וואָס האָבן געהאַט זייערע היימען אין פעלד, האָבן דערהערט די קולות און אַראָפּ פון זייערע געלעגערס. ווי פון שלאָף האָבן זיי אויך אָנגעהויבן שרייען — כאַפּט די ציגיינער! — כאַפּט די ציגיינער! — און אין זייערע לאַנגע העמדער אַרויס אין דרויסן. זיי האָבן געכאַפּט העק, גראַבאייזנס און זיך געלאָזט לויפן

מיט די רייטער. די ציגיינער זיינען געוואָרן שטאַרק צעטומלט פון דעם שיסן און פון די געשרייען און שוין ניט געוואוסט וועלכן וועג צו נעמען. דערווייל זיינען די רייטער וואָס אַמאָל נענטער צוגעקומען צו זיי. טאָבים טאַטע האָט איצט מיט דער ביקס גענומען צילן אויף די ציגיינערס פערד, און שוין באַם ערשטן שאָס זענען אַלע בוידן געבליבן שטיין, ווייל איין פערד איז אוועקגעפאַלן. אָבער ניט אויף לאַנג האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט. זיי האָבן זיך ווידער גענומען יאָגן מיט זייערע פערד־און־וועגן.

— טאָבי! איך זע טאָבין! — האָט טאָלי פּלוצלינג אויסגעשריגן.

— טאָבי, וואַרט מיר קומען!

אַלע דריי האָבן איצט נאָך שנעלער גענומען פליען מיט די פערד. צוערשט האָבן זיי געפונען די ציגיינערס אַ טויט פערד מיט אַ קויל אין קאָפּ און טאַקע ניט ווייט פון פערד האָבן זיי דערזען טאָבין.

— זיי האָבן אָפּגעבראָטן און אויפגעגעסןביידע שעפעלעך, — איז זי צו זיי צוגעלאָפן מיט אַ געוויין. דערנאָך האָט זי דערציילט ווי אַזוי צוויי ציגיינער האָבן זי געכאַפּט אין וואַלד, ווען זי האָט אַהיים־געטריבן די שאָף. זי האָט זיך געריסן פון זייערע הענט, אָבער זיי זיינען געווען שטאַרקער פון איר. זיי האָבן איר פאַרבונדן די אויגן און דאָס מויל און זי אַזוי אַוועקגעטראָגן צו זייערע בוידן. אַ גליק וואָס דער טאַטע האָט דערשאָסן זייערס אַ פערד האָבן זיי זיך דער־שראָקן און זי אַרויסגעוואָרפן פון דער בויד.

— ווען ניט איך וואָלט מען דיך ניט אָפּגעזוכט, — האָט טאָלי זיך אָנגערופן און ביידע טאַטעס האָבן שמייכלענדיק צוגעשאָקלט מיט די קעפּ.

טאָלי האָט נאָר געוואָלט ווייטער נאָכלויפן די ציגיינער און זיי כאַפּן. די טאַטעס האָבן אים אָבער איבערגערעדט, אַז מען דאַרף בעסער זיך אומקערן אַהיים, ווייל די מאַמעס קוקן אַרויס אויף זיי.

— און איך האָב געמיינט, אַז מיר וועלן זיי כאַפּן און בינדן. — האָט טאָלי אַ ברוגזער אַ וואַרף געטון צו דער ערד די מיטגענו־מענע שטריק און זיך אויפגעריטן אויפן פערד. ער האָט אַרויפגעזעצט

טאָבין פון הינטן און רייטנדיק אַהיים איר דערציילט, וויאַזוי ער האָט זי אָפּגעראַטעוועט פון די ציגיינער. דאָס פערד איז שוין געווען צוגעוויינט צו טראָגן זיי ביידע אינאיינעם, ווייל זיי פלעגן שטענדיק אַזוי צוזאַמען אַרומרייטן. אָבער איצט איז דאָס פערד געווען אַן אַנדערש און די צוויי רייטער אַנדערע. טאָבי איז געווען אַ פּרינ־צעסין פון אַ מעשה וואָס די מאַמע האָט איר דערציילט. טאָלי איז געווען אַ שטאַרקער העלד וואָס האָט באַפרייט די פּרינצעסין פון רויבער. און דאָס פערד איז געווען פאַרכישופט. אויף דעם באַפעל פון דעם העלד און פון דער פּרינצעסין פליט עס ווי דער ווינט און אויף זייערן אַ כישוף־וואָרט קען עס זיך פאַרוואַנדלען אין אַלץ, אַפילו אין אַ וואָלקן.

טאָבי האָט מיט ליבשאַפט זיך אָנגעהאַלטן אָן איר העלד מיט ביידע הענט און דער העלד אַליין איז געזעסן אַ שטאָלצער אויף דעם וואונדער־פערד, געריטן פאָרויס און אויסגעפייפט אַ לידל.

די האָז און די פוקסן זיינען שוין געלאָפן אַהיים פון זייער נאָכ־טיקן געיעג, ווען די רייטער האָבן זיך דערנענטערט צו דער שטוב אין טאָל. ביידע מאַמעס זיינען געזעסן אויף דער שוועל פון הויז און די אויגן זיך אויסגעקוקט.

— מאַמע, טאָבי איז דאָ. מיר האָבן געפונען טאָבין.

— געפונען טאָבי'ן, — איז פון וואַלד צוריקגעקומען אַ ווידערקול און דערפרייט די מאַמעס.



## דאָס יאָר ניינצן-הונדערט-און-פערצן

רואיק איז זיך געפלאָסן דאָס לעבן פון טאָלים הויזגעזינט. נאָך טאָלים עלטער-זיידע האָט געוואוינט אין טאָל, אין דער אַלטער שטוב הינטערן באַרג. דור נאָך דור האָבן זיי געאַקערט די שוואַרצע ערד און צופרידענע געגעסן דאָס ברויט וואָס איז דאָרטן געוואָקסן. פון זייער הויזגעזינט האָט קיינמאָל קיינער ניט אַוועקגעוואַנדערט. דער ווייטסטער וועג זייערער איז געווען אין שטעטל אַריין. דאָרטן האָט מען איינגעקויפט זאַלץ און שוועבעלעך און אַמאָל אויך עפּעס צום אָנטאָן.

נאָר אויף יום כפור איז דאָס גאַנצע הויזגעזינט געפאָרן אין שטעטל. טאָבי מיט אירע טאַטע מאַמע זענען אויף דעם יום טוב אויך געפאָרן. ביידע פאַמיליעס זענען געפאָרן אינאיינעם און אויך אין שול זיך געהאַלטן אינאיינעם. טאָלי און טאָבי, אויסגעפּוצטע אין זייערע בעסטע קליידער, זענען ווי געפאַנגענע פייגל, געשטאַנען אין אַ ווינקעלע פון שול. זיי האָבן מיט גרויסע אויגן געקוקט אויף די ברענענדיקע וואַקסענע ליכט. זיי האָבן מיט מורא געקוקט אויף די אַלע אידן, וואָס זיינען געווען אָנגעטאָן אין לאַנגע ווייסע קיטלען און פאַרוויקלט אין טליתים. אַלץ האָט אין שול אויסגעזען אַזוי אַנדערש, אַזוי פרעמד און זיי האָבן שוין געוואָלט וואָס גיכער זיין אין זייער פרייען טאָל.

אין די זומערדיקע שבתים זיינען זיי ביידע געגאַנגען אין דאָרף אַריין. טאָלי האָט דאָרטן געהאַט אַן אַלטע מומע, זענען זיי געגאַנגען צו איר צוגאַסט. די מומע האָט זיי אויפגענומען מיט קוגל און פאַר זיי נאָכאַמאָל און איבעראַמאָל געלייענט פון טייטש-חומש מעשות

פון די אַמאָליקע אידן, וואָס זענען, ווי טאָלי און טאָבי, געווען פּאַסטוכער.

טאָלי און טאָבי האָבן קיין באַנען און קיין שיפן קיינמאָל ניט געהאַט געזען. זייער וועלט איז געווען דער באַרג, דער טאָל, דאָס פעלד, דער וואַלד און דאָס וואַסער. דער ציגיינערטעם רייד וועגן ווייטע לענדער זענען פאַר טאָלין געווען ניט מער ווי מעשות, וואָס דער פרעמדער אָרימאַן איז געווען דער ערשטער זיי אים צו דער־ציילן. ווען טאָלי איז אַלט געוואָרן ניין יאָר איז ער שוין, מיט שווייס אויף זיין פּנים, נאָכגעגאַנגען דעם אַקער און פאַרקלונגען דאָס פעלד מיט פריילעכן געזאַנג.

איז געקומען דאָס טרויעריקע יאָר ניינצן־הונדערט־און־פערצן. טאָבי איז דעמאָלט געווען אין צענטן און טאָלי אין עלפטן יאָר. גע־וואַקסן זענען זיי ביידע דעמאָלט ווי היי נאָך אַ רעגן.

ס'ערשטע האָט דער גראַף אין יענעם יאָר פּלוצלינג געלאָזט אוים־האַקן דעם גאַנצן וואַלד. אין עטלעכע וואָכן האָט מען אויסגעלייגט אַלע ביימער אויף דער ערד. דאָס געהילץ האָט מען ערגיץ אַוועק־געשיקט מיטן וואַסער און דאָס פּלאַץ איז געבליבן ליידיק און פּוסט.

דער וואַלדהיטער האָט זיך אַרומגעדרייט צווישן די אויסגעהאַקטע ביימער, ווי אַ גענעראַל, וואָס האָט אין מלחמה אויף איינמאָל פאַרלוירן זיין גאַנצע אַרמיי. אָבער ניט לאַנג האָט ער זיך דאָרטן אַזוי אַרומגעדרייט. ווען מען האָט אַוועקגעפירט דעם לעצטן בוים האָט מען אויך צענומען דאָס וואַלדשטיבל. דער גראַף האָט דאָסמאָל ניט געשיקט טאָבים טאַטן אין אַן אַנדער וואַלד אַריין, נאָר אים געהייסן וואַרטן. טאָבי האָט שוין דעמאָלט געהאַט צוויי שוועסטערלעך און צוויי ברידערלעך און זיי זיינען אַלע געבליבן אָן אַ היים. ערשט איצט האָט טאָבי פאַרשטאַנען, אַז די מעשות, וועגן די שלעכטע גראַפן, וואָס די מאַמע האָט איר דערציילט, זיינען טאַקע אמתע און ניט קיין אויסגעטראַכטע. זיי האָבן ניט געהאַט וואוהין צו גיין און וואוהין צו פאָרן, האָבן זיי דערווייל זיך אַוועקגעצויגן אין דאָרף אַריין.

טאָלי און טאָבי

טאָלי האָט געבענקט נאָכן וואַלד און נאָך מער נאָך טאָבין. זי איז שוין איצט מער ניט געקומען מיט די שאָף אין טאָל אַריין. עס איז געווען צו ווייט פון דאָרף און זיי האָבן זיך געזען נאָר פון שבת צו שבת. מיט שטאַרקער בענקשאַפט האָבן זיי יעדע געוואַרט אויף דעם רו-טאָג און זיך דערנאָך באַגעגנט מיט אַזאַ פרייד, אַז טרערן האָבן זיך געוויזן אין זייערע אויגן.

אין דעם זומער פון יענעם יאָר איז אויך טאָלים זיידע פּלוצלינג געשטאָרבן. ער איז גאָרניט קראַנק געווען. אָט ערשט אין אָוונט, איידער טאָלי איז אַוועק מיט די פערד אויף אַ גאַנצער נאַכט אין פעלד אַריין, איז ער מיט איר געזעסן אין דרויסן און איר געהאָלפן זוכן דעם מילך־וועג און דעם שטערן־וואָגן אויפן הימל. און אינדער־פרי, ווען ער איז אָנגעקומען פון פעלד, מיט די אָנגעפּאַשעטע פערד, האָט ער פונדערווייטנס באַמערקט טאָבים טאַטן לעבן זייער שטוב. ער איז צוגעריטן נענטער און דערזען ווי זיין טאַטע זעגט גאָר אַלטע ברעטער פון פּאַרקאַן, און שלאָגט פון זיי צונויף אַ לאַנגן קאַסטן. ווי נאָר ער איז אַראָפּ פון פערד, איז די מאַמע אים אַנטקעגן געקומען מיט אַ געוויין: — ניטאָ שוין דער זיידע, ניטאָ. — ערשט איצט האָט ער אַלץ באַנומען.

זיידע, זיידע, זיי דאָ! — האָט ער זיך צעשריגן אויפן קול און אַריין אין שטוב, וואו ער האָט געטראָפן דעם זיידן ליגן אויף דער ערד מיט ברענענדיקע ליכט צוקאָפּנס. טאָלי האָט דעמאָלט צום ערשטן מאָל געזען אַ טויטן מענטשן און צום ערשטן מאָל זיך פאַרטראַכט וועגן טויט. ער האָט דעם זיידן שטאַרק ליב געהאַט און אַזוי גיך אים ניט פאַרגעסן. ניט איין אָוונט איז ער, נאָכן זיידנס טויט, איינער אַליין געזעסן אין דרויסן, געקוקט אויפן הימל און אין שטילן געוויין צו זיך גערעדט, — ניטאָ שוין דער זיידע, ניטאָ שוין זיינע מעשות, ניטאָ.

# די וועלט-מלחמה

אומגעריכט איז אין טאָל אַריין געקומען די נייעס וועגן דער וועלט-מלחמה. טאָלים טאַטע האָט געהאַלטן אין אַראָפּנעמען דאָס ברויט פונם פעלד איז מען פלוצלינג אים געקומען אָנזאָגן, אַז דער אַלטער קייזער פראַנץ יאָזעף, מיט די גרויע באַקן-בערד, רופט אים צו זיך, ער זאָל אים העלפן פירן אַ מלחמה מיטן רוסישן צאַר.

די מאַמע האָט אויף גיך אויסגעוואַשן דעם טאַטנס העמדער און דעם טלית, זי האָט אָפּגעבאַקן פריש קאָרן-ברויט, וווייצענע פלעצלעך און דאָס אַלץ איינגעפּאַקט אין אַ ווייס ציכל פון אַ קישן.

— פונקט שניט-צייט האָט זיך אים פאַרוואָלט אַ מלחמה, — האָט דער טאַטע זיך געבייזערט. עס האָט אים אָבער גאָרניט געהאָלפן דאָס בייזערן זיך אויפן קייסער. עס האָט אויך ניט געהאָלפן דער מאַמעס און טאָלים געוויין. דער טאַטע האָט גענומען דאָס ציכל אויפן אַקסל, זיך געזעגנט, און אַוועק אין מלחמה אַריין.

אַ פּאָר טעג נאָכדעם ווי דער טאַטע איז אַוועק זענען אין טאָל אַריין געקומען עטלעכע רייטער אין זעלנערישע מונדירן מיט גלאַנ־צעדיקע קנעפּ, און אויסגעמאָסטן דאָס וואַסער און די פּלעצער אַרום. נאָכדעם האָבן סאָלדאַטן געבראַכט צוטרייבן אַ סך מענטשן מיט גראָבאייזנס און פּיקעס, און זיי געהייסן צעגראָבן דעם טאָל, דעם באַרג און דאָס פעלד אין שוצגריבער.

— עס וועט דאָ זיין אַ שלאַכט, — האָבן די מענטשן צווישן זיך גערעדט — אָבער טאָלי האָט עס גענומען פאַר אַזאַ מין שפּיל. ער האָט יעדן טאָג אַרויסגעקוקט צום פעלד-וועג צי זעט מען שוין ניט דעם טאַטן אָנקומען. אַנשטאָט דעם טאַטן זענען אָבער אין טאָל אַריין געקומען סאָלדאַטן ווי זאַמד און ערד. זיי האָבן דאָרטן געפּלאַסטערט

ברייטע וועגן, געבויט גרױסע באַראַקן, בריקן און באַנען. די רעלסן פון די באַנען האָבן דורכגעשניטן טאָלים פעלדער.

טאָלי האָט אַ צעטומלטער זיך אַרומגעדרייט צווישן די סאָל־דאַטן. ער האָט געקוקט אויף זייערע ביקסן און געטראַכט נאָר וועגן איין וואָרט — מלחמה. — וואָס איז אַ מלחמה? און פאַרוואָס איז אַ מלחמה? — האָט ער געפרעגט בײַ די סאָלדאַטן מיט וועלכע ער איז היימיש געוואָרן. איינער האָט אים שטום אָנגעקוקט און געשמייכלט גענענטפערט. אַן אַנדערער האָט אַ שפּיי געטון און זיך אָנגערופן, — ווייסט עס דער טייוול. אַ דריטער האָט אים געפּרואווט דערקלערן ווי אַזוי איין קייסער צעקריגט זיך מיט אַ צווייטן קייסער איבער אַ שטיק לאַנד צי איבער עפּעס אַנדערש, און דערפון קומט אַרויס אַ מלחמה. טאָלי האָט דאָס אָבער ניט געקענט פאַרשטיין, — אַז די קייסערס קריגן זיך, וואָס־זשע איז מיין טאַטע שולדיק? — זאָלן זיי זיך בעסער אַליין שלאָגן און לאָזן מיין טאַטן אין דער היים — האָט ער צוריקגעענטפערט.

די סאָלדאַטן איז געפעלן געוואָרן טאָלים רייד. — גוט געזאָגט קליינער טאָלי, גוט געזאָגט. זאָלן די קייסערס אַליין זיך רייסן בײַ די נעזער, — האָבן זיי געלאַכט און אים געקלאַפּט אין פּלייצע.



# אין אַ מיטן נאַכט

אַנהייב האַרבסט זיינען אין טאָל פאַרגעקומען בלוטיקע שלאַכטן. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן פּלוצלינג אין אַ מיטן נאַכט. טאָלי איז דע־מאָלט מיט נאָך צוויי פּאַסטוכער געווען מיט די פערד אין פעלד. ער איז געלעגן אין גראָז מיטן פּנים צום נאַכטיקן הימל און אויסגעזונגען אויפן קול אַ טרויעריק מלחמה־ליד:

אוי טאַטע מיין טאַטע, ווער וועט געבן עסן,
ווען עס וועט ווייסן דער ווינטער?
אוי טאַטע מיין טאַטע, ווער וועט פאַרזייען,
ווען עס וועט גרינען דער פרילינג?

דאָס ליד האָט אים שטאַרק גערירט און ער האָט נאָכן זינגען איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין גראָז און אַזוי לאַנג געכליפּעט ביז ער איז אַנשלאָפן געוואָרן.

די מאַמע זיינע האָט יענע נאַכט גענעכטיקט אין דאָרף. זי איז נאָך בייטאָג אַהין געגאַנגען זיך נאָכפרעגן, צי האָט ווער ניט גע־הערט ווען די צוגענומענע אין מלחמה אַריין וועלן שוין אַהיימקומען.

אין טאָל איז געווען שטיל. די טויזנטער סאָלדאַטן פון די פאַר־שידענע עסטרייכישע לענדער האָבן דאָרטן גערוט אין די גרויסע באַראַקן און געחלומט וועגן זייערע ווייטע היימען. אַלע מאָל איז אין דער שטילקייט אַריינגעפאַלן אַ זיפץ, אַ קרעכץ, אָדער אַ מורמלען פון שלאָף.

— מאַמע, האַלט מיך צו. מאַמע מיינע. איך האָב מורא. איך האָב מורא, — האָט אַ יונגער סאָלדאַט, אַ צונויפגעקנוילטער אויף זיין בעטל, אויסגערופן מיט אַ ציטעריק שוואַך קול.

— איך האָב דיר אָבער געזאָגט, אַז איך וועל זיך גיך אומקערן

אַהיים און דו האָסט געוויינט, — האָט אַן עלטערער געזעדט פון שלאָף.

— מאַרגנרויט, מאָרגנרויט, דו לייכסט מיר צו מיין טויט, צו מיין טויט, — האָט אַ סאָלדאַט אין דער שטיל איבערגעזעדט די ווערטער פון אַ ליד, וואָס ער האָט ערשט אין אָוונט זיך אויסגעלערנט.

מיטאַמאָל האָבן קאַנאָנען־דונערן, ווי אַן ערדציטערניש, אויפ־געטרייסלט דעם גאַנצן טאָל. אַ טרומייטערן, אַ פּויקן און אַ שטאַרק געשריי ווי פון טויזנטער ווילדגעוואָרענע מענטשן האָט אָנגעפילט די לופט. עס האָט אין מעריב־זייט זיך צעברענט אַ האַלבער הימל מיט אַ שטאַרקער רויטקייט און ליכטיק געמאַכט די נאַכט.

טאָלי האָט זיך אַ ריס געטון פון דער ערד. האַלב אין שלאָף האָט זיך אים צוערשט אויסגעוויזן, אַז עס האָט פּלוצלינג אויסגעבראָכן אַ געוויטער.

פון דער ליכטיקייט און פון דעם טרומייטערן און דונערן זיינען די פערד שטאַרק ווילד געוואָרן. זיי האָבן איבערגעלאָזט די פּאַשע און די פּאַסטוכער און מיט פאַרריסענע עקן אַוועק אַהיים. נאָר טאָלים אייגן פערד האָט מיט אָנגעשפּיצטע אויערן געוואַרט אויף זיין רייטער.

— די רוסישע סאָלדאַטן קומען, — האָבן די פּאַסטוכער אויס־געשריגן און אין טויט־שרעק אַנטלאָפן פון דעם פיינט, וואָס גייט קעגן זייערע טאַטעס און קעגן זייער קייסער. טאָלי האָט זיך אַרויפ־געכאַפּט אויף זיין פערד און אַ צעטומלטער, און אין שטאַרקן גאַלאָפּ, גענומען יאָגן וואו די אויגן האָבן אים געטראָגן. ער איז געריטן מיטן באַרג און אין דער צעהעלטער נאַכט מיט קינדישע גרויסע אויגן דערזען וואָס עס איז אַ מלחמה.

אין דער זייט, וואו עס איז געלעגן די רוסישע גרעניץ, זיינען די פעלדער געווען פאַרפלייצט מיט אַרמייען אַריבערגעקומענע פון יענער זייט וואַסער. די רוסישע אַרמייען האָבן ניט מאַרשירט אין רייען, נאָר שטורעמדיק געלאָפן מיט בלאַנקנדיקע שווערדן און שיסנדיקע ביקסן.

ווי וועלף זענען די רוסן באַפאַלן די עסטרייכישע סאָלדאַטן. די

איבערגעשראָקענע עסטרייכער זענען ווי בינען פון אַן איבער־געפּאַלענעם בינשטאָק געפלויגן פון די באַראַקן צו זייערע אָנגע־גרייטע שוצגריבער. זיי זענען געלאָפן הינטערווײַלעכטס, און מיט אויסגעשטרעקטע שטאָלענע באַיאָנעטן אַביסל אָפּגעהאַלטן דעם פיינט.

עס האָט אין טאָל הויך אָפּגעקלונגען דער קלאַנג פון דעם געפעכט מיט די שאַרפע פאַרבלוטיקטע מעסערס און זיך אויסגעמישט מיט די יאָמערלעכע קולות וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון די פאַרוואונדעטע הערצער.

טאָלי האָט רייטנדיק געקוקט אויף דער פּאַנאָראַמע אין טאָל. ער האָט געזען דעם געלויף פון די סאָלדאַטן, ער האָט געהערט זיי־ערע געוואַלדן און קרעכצן און זיי געזען פאַלן צו דער ערד ווי פליגן. עס איז אים גאָרניט איינגעפאַלן, אַז ער אַליין איז אין פייער, אַז איבער זיין קאָפּ פייפן און האָגלען די בלייענע קוילן. מיטאַמאָל איז ער מיט זיין פערד אַ פאַל געטון צו דער ערד. אַ שטראָם וואַרעם בלוט האָט אַ שפּריץ געטון פון פערדס קאָפּ אים גלייך אין פּנים אַריין. טאָלי האָט זיך גיך אויפגעשטעלט, דאָס פערד האָט זיך אויך געוואָלט אויפשטעלן, עס האָט אָבער ניט געקענט. האָט עס פאַמעלעך אויפגעהויבן דעם קאָפּ און מיט דעם איינעם אויג צום לעצטן מאָל אַ קוק געטון אויף טאָלין. פאַמעלעך האָט דאָס פערד דערנאָך צוריק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ צו דער ערד, אויסגעצויגן די פיס און געפאַלן טויט. טאָלי האָט איצט אויפן קול גענומען שרייען און וויינען.

— זיי שטיל אינגל און לייג דיך אַוועק אויפן בויך ווי איך, אַז ניט וועט עס דיך אויך טרעפן, — האָט ער דערהערט ווי עמיצער רעדט אין דער שטיל. ער האָט זיך אַרומגעקוקט און דערזען ווי אַ סאָלדאַט אין אַן עסטרייכישן מונדיר רוקט זיך לעבן אים אויפן בויך ווי אַ שלאַנג. — זונעלע, איך בין פאַרוואונדעט, איך פיל דאָס בלוט אונטערן העמד. קום מיט מיר אין אַ זיכערן פלאַץ וועסטו מיר באַנ־דאַזשירן מיין וואונד, — האָט דער סאָלדאַט אַרויסגעקרעכצט.

טאָלי האָט אָנגעקוקט דעם מענטשן, וואָס האָט אַ פאַרשוויצטער,

אַ פֿאַרבלוטיקטער זיך געוואַלגערט אויף דער ערד און ער האָט ווי פֿאַרגעסן אָן זיין פֿערד, — ניט ווייט פֿון דאַנען איז מיין שטוב. אָט דאָרטן הינטערן באַרג, — האָט ער זיך אָנגערופֿן און זיך אַוועק־געלייגט לעבן סאָלדאַט אויפֿן בויך. זיי האָבן ביידע זיך אַוועקגעלאָזט צו דער שטוב אין טאָל אַריין. הינטער זיי האָט געבליצט און געדו־נערט מיט שיינוואַרפֿער און גראַנאַטן. אַלעמאָל האָט אַ שטיק באַרג, אויסגעמישט מיט פֿייער, ווי אַ וואולקאַן זיך אויפֿגעהויבן צום הימל.

— בייג אָן דעם קאָפּ, אינגל, — האָט דער סאָלדאַט אַלעמאָל אַרויסגעקייכט, און זיך נאָכגעפֿרעגט צי עס איז נאָך ווייט צו דער שטוב.

ערשט פֿאַרטאָג, ווען טאָלי מיטן סאָלדאַט זענען שוין געווען לעבן דער שטוב איז אין טאָל שטילער געוואָרן. דער סאָלדאַט האָט געהאַט אַ קויל אין דער זייט און אַ מעסער־שטאָך אין אַקסל. זיי זענען אַריין אין שטוב און טאָלי האָט געהאָלפֿן דעם קראַנקן זיך אויסטון. דערנאָך האָט ער אים פֿאַרהאַמעוועט דאָס בלוט און פֿאַר־באַנדאַזשירט די וואונדן.

אינדערפֿרי איז דער סאָלדאַט צו זיך געקומען. ער האָט געעפֿנט די אויגן און אָנגעהויבן דערציילן טאָלין, וואָס איז די גאַנצע צייט פֿון זיין בעט ניט אָפּגעטראָטן, וועגן זיין היים און וועגן זיינע קינ־דערלעך אין ווייטן טיראָל. אָבער אינמיטן דערציילן זענען אַריינ־געקומען עטלעכע קאָזאַקן, אין גרויסע פֿוטערנע היטלען, מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן און צוגענומען דעם קראַנקן אין געפֿאַנ־גענשאַפֿט.

טאָלין האָבן זיי געהייסן שפּאַנען די פֿערד און אים באַפֿוילן צונויפֿצופֿירן אַלע טויטע און פֿאַרוואונדעטע וואָס זענען געלעגן צעזייט און צעשפּרייט איבערן טאָל.



# סאָלדאַטן און סאָלדאַטן

אין פעלד האָט מען ניט געאַרבעט, ווייל עס האָט דאָרטן צו אָפּט געהאָגלט מיט קוילן. טאָלי האָט די גאַנצע צייט זיך אַרומגעדרייט צווישן די סאָלדאַטן, גלייך ווי ער וואָלט דאָרטן אַרומגעזוכט זיין טאַטן, וואָס האָט פון זיך ניט געלאָזט הערן זינט מע האָט אים צוגענומען צו דער מלחמה. סאָלדאַטן זענען אין טאָל, אין דער מלחמה־צייט געווען געננוג. עס האָבן זיך אַהין געצויגן אַרמייען פון פאַרשידענע לענדער. זיי זענען געקומען פון עסטרייך, אונגאַרן, רוסלאַנד, דייטשלאַנד, איטאַליען, טערקיי, פראַנקרייך, פוילן און פון נאָך לענדער. איין אַרמיי איז אַנטלאָפן און אַן אַנדערע איז געקומען. די אַרמייען האָבן געטראָגן אַלערליי אוניפאָרמען און גערעדט פאַרשידענע שפּראַכן.

די סאָלדאַטן האָבן טאָלין זייער ליב געהאַט. זיי האָבן אים שטענדיק געגעבן ברויט מיט צוקער, זיי האָבן אים אָנגעוויזן אויף דער מאַפּע וואו זייערע לענדער ליגן און אים געלערנט לייענען, שרייבן און רעדן אויף עטלעכע שפּראַכן.

די מלחמה, די בלוטיקע שלאַכטן אין טאָל, האָבן טאָלין אינגאַנצן ווי איבערגעביטן. ער איז שטענדיק געווען טרויעריק און פאַרטראַכט ווי אַן אַלטער. אין זיינע אויערן האָבן זיך געמישט די קלאַנגען פון די שפּראַכן, פון די פאַרשידענע אַרמייען. פאַר זיינע אויגן האָבן ביי טאָג און ביינאַכט געגלאַנצט די רעלסן, וואָס זענען געלאָפן דורך זיינע פעלדער אין ווייטע לענדער. די שטאַרקע בענקשאַפט נאָכן טאַטן האָט אים ניט געלאָזט איינרוען. עפּעס אַן אומרו האָט זיך אין אים באַזעצט און אים געטריבן פון דער ווייסטער היים.

אויך דער טאָל האָט זיך אינגאַנצן פאַרענדערט. עס האָבן דאָרטן ניט מער געבליט די געלע מילכבלומען. די טויזנטער פּיס פון די סאָלדאַטן האָבן זיי צעטראָטן. עס האָט דאָרטן שוין מער ניט אָפּגע־

קלונגען טאָלים און טאָבים פריילעך קול. די פייגל האָבן שוין דאָרטן מער ניט געזונגען. אַ סך פון די פייגל האָבן אַוועקגעוואַנדערט און שוין קיינמאָל ניט צוריקגעקומען. אין ערשטן יאָר פון מלחמה האָבן זיי דאָרט ווי פאַרבלאָנדזשעטע אַרומגעפּלאָנטערט. זיי האָבן מיט אַ טרויעריק קול עפּעס צווישן זיך גערעדט און אַראָפּגעקוקט פון דער הויך אויף דעם פּלאַץ, וואו עס איז ערשט געווען דער וואַלד. זיי האָבן געקוקט אויף די קאַנאָנען, אויף די אַרמייען סאָלדאַטן און מיט גרוים שרעק זיך צוגעהערט צו דעם דונערן פון די האַרמאַטן. עפּעס האָט זיך זיי צ'ערשט ניט געוואָלט גלייבן, אַז אויף דעם אָרט האָבן זיי יאָר איין יאָר אויס געבויט זייערע נעסטן. אַ סך פון די פייגל האָבן אָנגעהויבן פירן אַ וואַנדערלעבן. זיי האָבן שוין ניט געזוכט קיין אַנדער פּלאַץ אויף צו באַזעצן זיך. זיי האָבן שוין מער ניט געבויט קיין נעסטן און שוין מער ניט געוואָלט האָדעווען קיין קינדער. אין מיטן פליען האָבן זיי אָפּגעלייגט זייערע פאַרביקע און געשפּרענקלטע אייעלעך. די אייעלעך זענען געפאַלן פון דער הויך אויף דער ערד. אויף די רערן פון די קאַנאָנען און אויף די נייע רעלסן, און צעשמעטערטע דאָרטן געבליבן ליגן.

אויפן דריטן יאָר פון דער מלחמה האָבן טאָלי און זיין מאַמע געמוזט אַנטלויפן פונם טאָל. די שלאַכטן האָבן דעמאָלט אָנגעהאַלטן ביי־טאָג און ביינאַכט. די קוילן האָבן אויסגעקלאַפּט אַלע שויבן פון די פענצטער און צעלעכערט די שטיינערנע ווענט. אָבער זיי האָבן פאַרלאָזט זייער היים ערשט ווען עס האָט איינמאָל, אין אַ מיטן נאַכט, אָנגעהויבן ברענען דער דאַך איבער זייערע קעפּ.

טאָלי מיט דער מאַמען זענען דעמאָלט, מיט פּעקלעך אונטערן די אָרעמס, אַנטלאָפן אין דאָרף אַריין.



# אוים מלחמה

די סאָלדאַטן אין טאָל האָבן אין אַ שיינעם טאָג אַ וואָרף געטון די ביקסן צו דער ערד, זיך צעשריגן אויפן קול: — אוים מלחמה! אוים מלחמה! — און זיך צעלאָפן אַהיים.

עס האָט זיך ענדלעך געענדיקט די מלחמה און די צוגענומענע האָבן אָנגעהויבן זיך אומקערן אַהיים. ווער אַ געזונטער און ווער אַ פאַרקריפּלטער. פון אַ סך איז אָבער בלויז דער נאָמען צוריקגעקומען.

פון טאָבים טאַטן, וואָס איז אויך געווען אין מלחמה, האָט מען געבראַכט אַ גרוס, אַז ער גייט אַהיים פון געפאַנגענשאַפט. פון טאָלים טאַטן איז בלויז דער טלית-און-תפילין-זאַק צוריקגעקומען. ער איז געפאַלן אין דער מלחמה. די שווארצע בשורה האָט זיך שטאַרק איינגעגעסן אין דער מאַמעס האַרץ. זי איז קראַנק געוואָרן און אין עטלעכע געציילטע טעג אַרום געשטאָרבן.

טאָלי איז איבערגעבליבן איינער אַליין. די מלחמה האָט צוגערויבט בײַ אים טאַטע מאַמע, צעשטערט זיין היים און דערצו האָט מען טאָבין, אין יענעם יאָר, אַוועקגעגעבן דינען צו רייכע אויפן צווייטן דאָרף. בלויז די ירושה, — דאָס פעלד מיט די שוצגריבער איז אים איבערגעבליבן.

— גיי טאָלי אין פעלד אַריין. קער דיך אום צום טאַטנס ערד.

— האָט זיין אַלטע מומע, בײַ וועמען ער האָט זיך אויפגעהאַלטן, צו אים גערעדט.

— זאָל נאָר טאָבים טאַטע אַהיימקומען וועט ער אויפבויען פאַר דיר מיט טאָבין אַ נייע שטוב הינטערן באַרג, — האָבן שכנים אים געטרייסט.

אין איין טאָג איז טאָלי צום ערשטן מאָל אַרוים אין פעלד אַריין

אַקערן אַ שטיק ערד, וואָס האָט גאַנצע פיר יאָר גערוט. ער איז אַ טרויעריקער נאָכגעגאַנגען דעם אַקער און ניט געפילט די אַמאָליקע פרייד פון אַרבעט. שוין באַם פינפטן צי באַם זעקסטן שניט ערד, וואָס דער אַקער האָט איבערגעקערט מיטן פנים אַראָפּ, האָט ער אויפגעאַקערט אַ פוס פון אַ מענטשן, אַן אָנגעטונענעם אין אַ שטיוול. ער האָט באַלד אָפּגעשטעלט די פערד, מיט רואיקייט אַרויסגענומען דעם פוס, אים אָפּגערייניקט פון דער ערד און נאָכן שטיוול דערקענט, אַז ער איז פון אַ דייטשן סאָלדאַט. ווייטער אַקערן האָט ער שוין ניט געוואָלט, אַזאַ עקל האָט ער מיטאַמאָל דערפילט צו זיין אייגענער ערד, וואָס איז אין דער מלחמה געמיסטיקט געוואָרן מיט בלוט און פלייש פון מענטשן.

— איך וועל דאָ מער ניט אַקערן, — האָט ער גערעדט צו די פערד, צו די שטומע צוויי באַשעפענישן, זיי אויסגעשפּאַנט פון אַקער און זיי אָנגעטריבן אין דאָרף אַריין. דעם פוס האָט ער איינגעוויקלט אין אַ זאַק און אים באַגראָבן אונטער אַ שטיין, דעם אַקער האָט ער געלאָזט שטעקן אין דער ערד און אַליין האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט מיט די גלאַנצנדיקע רעלסן פון דער באַן.

ער איז אָפּגעגאַנגען אַ שטיק וועג און דערנאָך זיך אויסגעדרייט מיטן פנים צום טאָל. — טאָבי, איך גיי אַוועק ווייט פון דאַנען. איך קען דאָ מער ניט זיין, — האָט ער גערעדט הויך, גלייך ווי ער וואָלט זי פאַר זיך געזען. דערווייל איז אָנגעקומען אַ באַן. זי האָט זיך געשלעפּט באַרג אַרויף מיט אַ סך פּראַכט-וואַגאָנען. טאָלי האָט לאַנג ניט געטראַכט, נאָר פלינק זיך אַרויפגעכאַפּט אויף דער לויפנדיקער באַן.

— טאָלי וואוּאַהין פאָרסטו? — האָט אַ פויער, וואָס האָט געאַרבעט אין פעלד, אים נאָכגעשריגן.

— אין דער וועלט אַריין, — האָט טאָלי געענטפערט. — אין דער וועלט אַריין.

# אין דער ווייטער וועלט

אַ פערצן־יאָריקער האָט טאָלי איבערגעלאָזט דעם טאָל און אַוועק אין דער וועלט אַריין. אויסגעזען האָט ער מיט עטלעכע יאָר עלטער. ער איז געווען אַ געזונטער ברייט־ביינערדיקער יונג פון מיטעלן וואוקס, מיט אַ געדיכטן שוואַרצן קאָפּ האָר, מיט טרויעריקע פאַרטראַכטע אויגן און מיט יונגן העלן מאָך אויף זיין ברוינלעך פולן פּנים.

אין דאָרף האָט מען ניט געוואוסט וואו ער איז פאַרפאַלן געוואָרן. טאָבי האָט די אויגן זיך אויסגעקוקט נאָך אים. אירע טאַטע מאַמע האָבן זיך געהאַלטן אין איין נאָכפרעגן בא די דורכפאָרער און בא די צוריקגעקומענע פון מלחמה:

— ניט געזען וואו טאָלין?

— ניט באַגעגנט ערגיץ טאָלין?

— טאָלי פון טאָל? אוודאי וואו דער׳הרג׳עט געוואָרן, — האָבן אַלע געצויגן מיט די אַקסלען. אַזוי אַרום האָט זיך ביסלעכווייז פאַרשפרייט דער פאַלשער קלאַנג, אַז טאָלי איז דער׳הרג׳עט געוואָרן באַם אַראָפּשפרינגען פון אַ לויפנדיקער באַן און אַלע האָבן אים שוין געהאַלטן פאַר טויט. נאָר טאָבי האָט אים שטענדיק פאַר זיך געזען אַ לעבעדיקן און איינמאָל אין חלום אים געזען אָנקומען אַהיים.

טאָלי האָט זיך אַוועקגעלאָזט וואַנדערן און ווי פאַרגעסן אָן אַלץ, וואָס ער האָט געלאָזט הינטער זיך. אויפן וועג האָט ער זיך צונויפגעטראָפן מיט נאָך אייניקלעך, וואָס זענען, ווי ער, אין דער מלחמה געבליבן אָן טאַטע מאַמע און אָן אַ היים. ער האָט מיט זיי זיך אַרומגעשלעפּט אויף ווייטע וועגן. ניט פאַרן לעבן און ניט פאַרן טויט האָבן זיי זיך געשראָקן. מלחמה־צייט האָבן זיי געזען גענוג מענטשן צווישן לעבן און טויט. זיי האָבן זיך אַרויפגעכאַפּט אויף לויפנדיקע

באַנען, זיך געגנבעט איבער גרעניצן אין פינצטערע נעכט און אַזוי אַרום אויסגעזען אַ וועלט. אַזוי לאַנג ווי עס איז געווען וואַרעם אין דרויסן האָבן זיי, ווי ווילדע, זיך אויפגעהאַלטן אין פעלדער און אין וועלדער. זייער עסן האָבן זיי אַמאָל פאַרדינט דורך עפּעס אַן אַרבעט און אַמאָל האָבן זיי עס געגנב׳עט, ווייל דער הונגער האָט זיי גע־צוואונגען דערצו. ווינטער האָבן זיי געגעכטיקט אין פאַרלאָזטע הייזער, וואָס זענען אין דער מלחמה געבליבן אָן טירן און אָן פענצטער און אַמאָל אויך אין געפענקעניש.

אַריבער אַ יאָר האָט טאָלי זיך אַזוי אַרומגעשלעפּט אויף די וועגן, ביז ער האָט זיך דערשלאָגן קיין דייטשלאַנד און דאָרטן אַרומגע־וואַנדערט אַ גאַנץ יאָר צייט.

עטלעכע ווינטער־וואָכן האָט ער זיך אויפגעהאַלטן אין אַ ביירישן דערפל. ער האָט זיך דאָרטן אָפּגעשטעלט באַ אַ פאַמיליע פויערים און זיי צוגעהאָלפן באַם וועבשטול. דאָס קליינע דערפל און די פרידלעכע מענטשן האָבן אים דערמאַנט אָן זיין אַמאָליקער שטילער היים. דערצו האָט ער דאָרטן באַ אַ ביר־פעסט באַגעגנט פרידלען, זי האָט האָט אויסגעזען פונקט ווי טאָבי, נאָר וואָס אירע האָר זענען, אַנשטאָט ברוין, געווען העל־בלאָנד. טאָלי איז מיט איר גיך געוואָרן היימיש און איר דערציילט פון זיין אַמאָליקער היים, פון טאָבין און פון זיינע וואַנדערונגען. ווען ער האָט דערציילט, האָט פרידל, אַ שווייגנדיקע און אַ שעמעוודיקע, געקוקט אויף זיינע געדיכטע שוואַרצע האָר און איר העל־בלאָנדער קאָפּ מיט איר לויטער פּנים האָבן זיך צעשמעקט מיט אַ וואונדערלעכן ריח, וואָס האָט טאָלין דערמאָנט אָן טאָל און אָן וואַלד.

עס איז אים גוט געווען אין יענעם דאָרף. אין די קאַלטע נעכט איז אים גוט געווען צו זיצן אין דער וואַרעמער שטוב, וואו עס פלעגן זיך צונויפקומען דאָרפסמענטשן און דערציילן מעשות וועגן די ניבעלונגען־העלדן, וואָס האָבן זיך פאַר גאָר אין דער וועלט ניט אָפּגעשראָקן, מעשות וועגן דער גרויסער וועלט־מלחמה און וועגן געוואַגטע ים־פאָרער.

אין איין אָוונט האָט פרידלס באָבע דערציילט אַ מעשה וועגן אַ „יודן־שטיין”. — אַמאָל, מיט אַ סך יאָרן צוריק — האָט די אַלטע דערציילט — האָבן אידן אין אַן ערב פסח ביינאַכט אויף אַ שטיין געקוילעט אַ קריסטלעך קינד, ווייל זיי האָבן געדאַרפט האָבן בלוט צו זייערע מצות. דער שטיין האָט דערנאָך אַ צייט לאַנג געהאַלטן אין איין טריפן מיט בלוט. ערשט ווען מען האָט אַהין געבראַכט די אידן און מיט זיי זיך אָפּגערעכנט בלוט פאַר בלוט האָט דער שטיין זיך איינגעשטילט.

אַלע האָבן מיט געשפּאַנטקייט זיך צוגעהערט צו דער מעשה.

טאָלי האָט מיט אָנגעצונדענע אויגן געקוקט אויף די פּנימער פון די מענטשן. ער האָט געקוקט אויף פרידלען, וואָס איז געזעסן לעבן אים און ער האָט זיי אַלעמען עפּעס ווי ניט דערקענט. ער האָט זיך גאָר ניט געגלויבט, אַז ער האָט צווישן די מענטשן אָפּגעלעבט עטלעכע וואָכן צייט, אַזוי אַנדערש האָבן זיי איצט אויסגעזען.

— בלוט קעגן בלוט ? — האָט טאָלי אַרויסגעשאָסן אין אַ גע־לעכטער. — סאַ ליגן, אַ ליגן. די אידן האָבן דאָס קינד ניט געקוילעט. זיי האָבן ניט געדאַרפט קיין בלוט צו זייערע מצות, — האָט ער מיט בייזקייט אַריינגעשריגן פרידלען אין פּנים אַריין. אַלע האָבן געוווּסט, אַז טאָלי איז אַ איד און די אינגערע האָבן זיך פאַרשעמט און אַראָפּ־געלאָזט די אויגן צו דער ערד.

טאָלי איז אין דערזעלביקער נאַכט נאָך אַוועק פון דאָרף.



# אין ביר־שענק

אין אַ לויטערן טאָג פון חודש מאַי האָט טאָלי אַריינגעשפּאַנט קיין האַמבורג. ער האָט אין די בייערישע דערפער אַ סך זיך אָנגע־הערט וועגן דער גרויסער האַפנשטאָט און וועגן די שיפן וואָס אַנקערן דאָרטן, איז ער אַוועק זען דאָס אַלץ מיט זיינע אייגענע אויגן.

אַ מידער און אַ פאַרשטויבטער איז ער אָנגעקומען מיט זייטיקע אַלטע געסלעך פון שטאָט און דאָרטן אַריין אין אַ בירשענק זיך אויס־רוען. ער האָט אַוועקגעלייגט זיין געפּעק, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ שוואַרץ שטיק ברויט מיט קעז, איינגעוויקלט אין אַ בלוי העמד, מיטן היטל זיך אָפּגעווישט דעם שווייס פון פּנים און גענומען פאַר־טרינקען די מידקייט מיט קאַלטן ביר. ער האָט געווישט דעם קילן שוים פון די ליפּן און זיך אַרומגעקוקט אין דעם ליידיקן שענק. בײַ איין טיש איז געזעסן אַ מאַטראָז דעם קאָפּ פאַרוואָרפן און געשלאָפן. לעבן דער טיר איז געזעסן אַן אַלטינקער מאַן און צונויפגעבונדן אַ בעזים פון דריבנע ריטלעך. די אַלטע בויכיקע ווענט פון שענק זענען געווען באַצירט מיט אויפשריפטן. טאָלי האָט גענומען לייענען:
— „רו אויס פרעמדער, דו וועסט דיין וועג נאָך איינגיין. — לעז אונטער דיין האַרץ אין שאָטן פון אונדזער באַלקן, — עס איז דאָ ניט ענג, — גאָט וואוינט מיט אונדז.“ —

אויף איין וואַנט האָט טאָלי דערזען אַן אַלט בילד פאַרוועבט מיט שפּינוועב. דאָס בילד האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ גרייז־גרויען מאַן, דער קאָפּ און דאָס פּנים שטאַרק פאַרוואַקסן, די קליידער — אַלטע און צעריסענע, דער אַלטער מאַן האַלט אין האַנט אַ שווערן שטעקן און איז אין גאַנג מיט אַ ברייטן שפּאַן פון גרויסע, פאַרהאַר־טעוועטע באָרוויסע פיס. אונטן איז אויפן בילד געווען אויפגעשריבן: „אַהאַסווער דער וואַנדערנדיקער איד.“

טאַלי האָט זיך שטאַרק פאַרקוקט אויף דעם בילד. ער האָט אַפילו ניט באַמערקט ווען דער אַלטיטשקער פון דעם ווינקל איז צו אים צוגעקומען. דער אַלטער האָט זיך נאָענט צוגעבויגן צו טאַלין און אים אַריינגעקוקט אין פנים אַריין מיט זיינע שוין האַלב-אויסגעלאָשענע אויגן.

— אָט אַזוי האָט ער אויסגעזען ווען ער האָט אַמאָל זיך אָפּגעשטעלט דאָ אין שענק, — האָט דער אַלטער מיט אַ ביינערדיקן פינגער אָנגעוויזן אויפן בילד. — אָבער דאָס איז געווען מיט אַ סך יאָרן צוריק. די צייט פאַרוואַנדלט בערג און פעלזן און אויך דאָס געשטאַלט פון אַ זינדיקן מענטשן, אָבער אַ שאַרף אויג זעט און דערקענט די אַלטע ליניעס פון די פאַרענדערטע געשטאַלטן. אַהאַסווער דער אייביקער וואַנדערער קומט נאָך היינט-צו-טאָג צו אונדז אין שענק אַריין, אָבער פאַרוואַנדלט איז איצט זיין אויסזען. —

— ווער איז ער דער וואַנדערנדיקער אַהאַסווער ? — האָט טאַלי אַ נייגעריקער געפרעגט.

— ווער ? אפשר טאַקע דו אַליין, — האָט דער אַלטער אַרויסגעכיקעט אַ געלעכטער מיט אַ מויל אָן ציין. — דער איד אַהאַסווער האָט אונדזער הייליקן, אונדזער יעזוס קריסטוס, אויפן וועג צו זיין קרייציקונג, ניט געלאָזט זיך אויסרוען באַ זיין טיר. האָט אים אונדזער באַשיצער דערפאַר פאַרשאָלטן און אים געהייסן וואַרטן ביז ער וועט צוריקקומען. וואַנדערט אַהאַסווער אַרום שוין קאַרגע צוויי טויזנט יאָר און וואַרט. אַלעמאָל ווערט אָבער פאַרוואַנדלט זיין אויסזען, ווייל נאָך יעדע הונדערט יאָר ווערט ער אויפסניי יונג.

טאַלי האָט נאָך עפּעס געוואָלט פרעגן, אָבער דער אַלטער, מיט אַ פּנים שוין ענלעך צו ערד האָט זיך גיך אָפּגערוקט און אוועק צוריק אין זיין ווינקל.

דער מאַטראָז האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און זיך צעזינגען :

קום מיט מיר מיין וואַסער-מיידל,
נאָר מיט מיר מיין וואַסער-מיידל.

— ווער צאָלט ביר ? — האָט ער אַן אויסגעניכטערטער געשריגן אין לײדיקן שענק אַרײַן און באַטראַכט טאָלין.

— איך צאָל ביר, — האָט טאָלי וואויליונגיש אַ קלונג געטון מיט זילבער-געלט אין קעשענע. דער מאַטראָז האָט נאָר דערהערט דעם קלאַנג פון געלט איז ער שוין געוועזן באַ טאָלים טיש. שוין באַם ערשטן גלאָז ביר איז מען געוואָרן גוט-ברודער און דער מאַטראָז, מיט אַ ברייטן שמייכל אויף זיין זאַקסיש רויט פּנים, האָט אָפּגהאַרציק דערציילט פון זיין היים און פון זיין לעבן. — מאַקס, קום אַהיים, שרייבט דער טאַטע. מאַקס, מאַטילדע פון רוסדאָרף וועט חתונה האָבן מיט אָסקאַרן אויב דו וועסט ניט אַהיימקומען. — איך וויל אָבער ניט פאָרן אַהיים. צוערשט מוז איך אויספאָרן אַלע ימים. — ער האָט טאָלין דערציילט פון זיינע ים-רייזעס און פון זיין שיף, וואָס אַנקערט איצט אין האַפן.

— און וואוהין גייט איצט דיין שיף ? — האָט טאָלי מיט ברענענדיקער נייגיריקייט געפרעגט.

— וואוהין ? קיין בראַזיליען.

— איך בין נאָך קיינמאָל ניט געפאָרן אויף אַ שיף, — האָט טאָלי ווי אַרויסגעזיפצט, און זיינע אויגן האָבן זיך אַזש צעגלאַנצט פון שטאַרקער וואַנדערלוסט.

— ניטאָ קיין בעסערס אויף דער וועלט, ווי צו זיין אַ ים-פאָרער, — האָט דער מאַטראָז באַמערקט, און זיך אויפגעהויבן פון שטול. — איך מוז איצט גיין אויפוועקן מיין פריינט און זיך נעמען גרייטן אין וועג אַריין. אונדזער שיף גייט אָפּ נאָך היינט ביינאַכט. קום פאַרנאַכט אין האַפן, וועסטו זען אונדזער שיף. איך וועל זיין אין קאַנטין און צאָלן ביר ביז אַרונטער, — האָט ער זיך אָפּגעזעגנט מיט טאָלין און אַרויס פון שענק.



## טאַלי אין מאַטראָזן-קליידער

טאָלי האָט זיך אויסגעשלאָפן באַם אויסגעליידיקטן גלאָז פון ביר און איז, קעגן נאַכט, אַרויס פון שענק. ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט צום האַפן. אַ טרויעריקער און אַ פאַרטראַכטער האָט ער געשפּאַנט מיטן פּנים אַנטקעגן דער קילער לופט, וואָס האָט מיט זיך געבראַכט דעם ריח פון וואַסער. — שיפן, שטורעמדיקע ימים, — האָט ער אין האַרצן צו זיך אַליין גערעדט און זיך דערמאָנט אָן די מעשׂות, וואָס דער פרעמדער אָרימאַן האָט אים אַמאָל דערציילט. די גרויסע וועלט איז אָבער איצט פאַר טאָלין שוין מער ניט געווען קיין אויסגע-טראַכטע מעשׂה. אויף זיין אייגענער האַנטפלאַך האָט ער איצט געקענט אויסצייכענען אַ מאַפּע פון אַ סך לענדער און געניי אָנווייזן וואו יעדעס לאַנד ליגט.

די לופט פון וואַסער איז געוואָרן וואָס אַמאָל שאַרפער. פון וויים האָט זיך געטראָגן דאָס געזאַנג פון די האַפנאַרבעטער:

בוי איך שיפן גרויס און קליין,
מיינע בוי איך גאַנץ אַליין.

ער איז נאָכגעגאַנגען דעם געזאַנג און באַלד פאַר זיך דער-זען דעם גאַנצן האַפן. אַ פאַרגאַפטער איז ער געבליבן שטיין און געקוקט אויף די גרויסע שיפן און אויף די אויסגעשפּרייטע וואַסערן פון דער עלבע. ער האָט פאַרריסן דעם קאָפּ צו די הויכע מאַסט-ביימער, צו די פאַרביקע קוימענס פון די שיפן, וואָס האָבן זיך גע-צונדן אין דער פאַרגייענדיקער זון. די קוימענס האָבן געררעוועט מיט אַ שטאַרק קול. דאָס קול האָט זיך ווי אַריינגעגאָסן אין טאָלים אויערן און אים ווי גערופן צו די וואַסערן:

— קום אַהער, קום אויף די שיפן.

— איך וועל קומען, — האָט טאָלים פאַרגאַפּט פּנים אָן ווער־טער געענטפערט.

אויפן וועג, שוין ניט ווייט פון קאַנטין, האָבן אים אָנגעיאָגט מאַקס און נאָך אַ מאַטראָז.

— אָט דאָ איז ער דער יונג, וואָס האָט געצאָלט ביר, — האָט מאַקס באַקענט טאָלין מיט זיין חבר. — העי, דאָס טרויעריקע פּנים פּאַסט דיר ניט. נעם עס גיך אַרונטער, — האָט מאַקס גוטברודעריש געקלאַפּט טאָלין אין פּלייצע.

— ווען איך זאָל זיין אַ מאַטראָז ווי דו, וואָלט איך אויך געווען פריילעך, האָט טאָלי געשפּאַסט און באַלד אין ערנסט צוגעגעבן:

— קען מען באַקומען אַרבעט אויף דיין שיף? איך וויל פאָרן קיין בראַזיליע.

— אונדזער שיף דאַרף איצט ניט קיין נייע אַרבעטער. אָבער אויב דו האָסט געגנוג מוט קענסטו סיי ווי פאָרן. פאַראַן געגנוג באַ־העלטענישן אויף אונדזער שיף פאַר אומזיסטיקע פּאַרשוינען. שיפן פירן שטענדיק בלינדע פּאַסאַזשירן. זיי באַהאַלטן זיך אויף די דנאָען אין פאַרשידענע באַהעלטענישן. זיי גנבענען עסן פון דער קיך און פאָרן אַזוי אוים אַ וועלט, — האָט מאַקס אים דערקלערט.

— די מאַטראָזן אַרט עס ניט, פאַרקערט זיי העלפן נאָך אַמאָל די בלינדע האָז, — האָט מאַקסעס חבר צוגעגעבן.

— איך וויל פאָרן. איך האָב פאַר גאָרניט קיין מורא, — האָט טאָלי קורץ און אַנטשלאָסן געענטפערט.

מאַקס האָט עפּעס איינגערוימט דעם אַנדערן מאַטראָז אין אויער אַריין און ביידע האָבן זיך צעלאַכט.

— אַביסל געלט און אַ סך וואַנדערלוסט און דו פאָרסט מיט אונדז, — האָט מאַקסעס חבר אַ לאַכנדיקער גערעדט צו טאָלין.

אָן אַ וואָרט האָט טאָלי אַרויסגעלייגט אויף דער האַנט זיינע אָרימע עטלעכע מאַרק. מאַקסעס חבר האָט צוגענומען דאָס געלט און אויפן וועג, שוין לעבן דער קאַנטין, אַריינגעלאָפן אין אַ באַראַק.

ער האָט זיך דאָרטן פאַרזאַמט עטלעכע מינוט און ווען ער איז צוריק אַרויסגעקומען האָט ער טאָלין צוגעוואָרפן אַ פּעקל.

— מאַטראַזן־קליידער פאַר דיר. לויף אַריין אין יענער אַלטער געביידע און טו זיך איבער. אָבער גיך, מיר וועלן גיין פּאַוואָליע. —

טאָלי האָט אַ כאַפּ געטון דאָס פּעקל און מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ אַוועק זיך איבערטון. עס האָט ניט גענומען לאַנג און ער איז אַרויסגעקומען פון דער געביידע אַ גאַנצער מאַטראָז. ער האָט אָנגעשפּיצט די אַקסלען, אַרויסגעשטעלט די ברוסט, אַראָפּגעלאָזט ביידע הענט אין די טיפע קעשענעס פון די מאַטראַזן־הויזן און אַ מוטיקער מיט אַ ווייגנדיקן גאַנג זיך אַוועקגעלאָזט אָניאָגן זיינע חברים.

זיי זענען אַלע דריי אַריין אין קאַנטין וואו עס איז פול געווען מיט מאַטראַזן, מיט ליולקע־רויך און מיט ריחות פון שאַרפן געטראַנק. טאָלי האָט זיך געזעצט מיט זיינע צוויי חברים בא אַ טישל און פון דער לופט אַליין געוואָרן שיכורלעך. ער האָט געקוקט אויף די אַלע מאַטראַזן און זיך ניט געקענט צוגעוואוינען צום געדאַנק, אַז ער גייט אָנגעטון אין דעמזעלביקן בלאָען מונדיר, וואָס זיי.

אַ שיכורער מאַטראָז האָט געטאַנצט, טראָגנדיק זיין מיידל אויף די הענט און אַליין זיך צוגעשפּילט אויף אַ קליינער מויל־האַרמאָניקאַ. אַן אַנדער מאַטראָז, שוין אַן עלטערער, האָט אויסגעזונגען אַ ליד וועגן אַן אַלטער שיף, וואָס שווימט אַרום אויפן ים, אַן אַ קאַפּיטאַן און אַן אַ מאַנשאַפט. ביינאַכט פאַרנאַרט זי מיט סיגנאַלן אַ סך שיפן צו אייז־בערג און צו געדיכטע נעפּלען. אַ דריטער האָט דערציילט וויאַזוי זיינער אַ חבר האָט אין האָנאָלולו איבערגעטון אַ מיידל אין מאַטראַזן־קליידער און זי מיטגענומען אויף זיין שיף קיין דייטשלאַנד און דערנאָך מיט איר חתונה געהאַט.

טאָלי האָט מיט נייגיריקייט צו אַלעמען זיך צוגעקוקט און צו אַלעמען זיך צוגעהערט.

מאַקס האָט אָנגעהויבן צאָלן ביר און קאָניאַק און עס האָבן זיך אַרום אים צונויפגעקליבן עטלעכע פון זיינע פריינט. איינער פון זיי איז געווען אַ בלייכער, אַ פעטער און ער האָט געהאַט נאָר איין אויער.

— אַ „סטאָואַווײ״ פֿאַר אונדזער שיף. מען וועט אים דאַרפֿן העלפֿן, ווייל ער איז אַ גוטער יונג און ווייל דאָס ביר, וואָס איר טרינקט איצט איז פֿאַר זיין געלט, — האָט מאַקס צו זיי גערעדט. די מאַטראָזן האָבן אויף די רייד צוגעשאָקלט מיט די קעפּ. טאָלי האָט זיך פֿאַרקוקט אויף דעם מאַטראָז אָן דעם אויער, וואָס האָט די גאַנצע צייט קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט נאָר געהאַלטן אין איין טרינקען. וויפל ער האָט אָבער ניט אויסגעטרונקען איז זיין גרויס פּעט פּנים געבליבן אַלץ בלייך ווי געוועזן. ערשט באַם אַרויסגאַנג פֿון קאַנטין האָט דער מאַטראָז אָן דעם אויער זיך אויסגעדרייט צו טאָלין און מיט אַ קאַלט גראָב קול אים אַריינגערעדט אין פּנים:

— לעבן אונדזער שיף ליגט אַ הויפֿן ווייסע זעקלעך. ווען דו וועסט זען אַז מען הייבט אָן לאָדן די זעקלעך אויפֿן שיף, זאָלסטו צוקומען און העלפֿן. און טאָמער כאַפּט מען דיך, זאָלסטו האַלטן דאָס מויל. קיינער האָט דיר ניט געהאָלפֿן און קיינעם קענסטו ניט אויף אונדזער שיף. קיינעם ניט, דו הערסט.

— קיינעם ניט, — האָט טאָלי איבערגערעדט די לעצטע ווערטער און גלייך מיט אַלעמען אַרויס אין דרויסן.



# אויף דער שיף

דער ערשטער אָוונט-שטערן האָט זיך געשטעלט אויפן הימל. גלייך מיטן שטערן האָבן זיך צעפינקלט עטלעכע לייכט-טורעמס. ווייס-גרויע ים-פייגל האָבן געפלאַטערט באַם ברעג און אַרומגעזוכט עסן. זיי האָבן אַרומגעטאַנצט פון איין דאַמבע אויף דער אַנדערער, געקוקט אויף די בייזע פאַסן וואָלקן, וואָס האָבן געהאַנגען נידריק איבער די ברייטע וואַסערן און ווי אַלטע פרויען מיט אַ טרויעריק קול עפּעס צווישן זיך גערעדט.

עס האָבן זיך צונויפגעקליבן מענטשן אַרום דער שיף. די מענטשן האָבן געוויינט און געלאַכט, זיך געאַרעמט און געקושט און זיך גע־זעגנט איינס מיט ס'אַנדערע. די שיפן האָבן אַלעמאָל זיך שטאַרק צערעוועט און פאַרטויבט דעם טומל.

טאָלי איז געשטאַנען אַ פאַרלוירענער ניט ווייט פון ברעג. „זיין" שיף האָט אין זיינע אויגן איצט אויסגעזען ווי אַ פאַנטאַסטישער שלאָס פון אַ מעשה. אַלע מענטשן אַרום אים פרעמדע, די קליידער אויף אים פרעמדע און די וועלט, וואָס ווינקט צו אים מיט לייכט-טורעמס אַ פרעמדע. ער איז געווען איינער אַליין. קיינער האָט זיך מיט אים ניט געזעגנט און קיינער האָט זיך אויף אים ניט אומגעקוקט. ער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צום לאַנד, צו דער טרוקענער ערד און דערפילט אַ שטאַרקן ווייטיק אין זיין יונגן האַרץ. עפּעס איז אים פאַרגעקומען, אַז ער זעט איצט הימל און ערד צום לעצטן מאָל.

— האָסט דיך שוין פאַרבענקט נאָך דיין מיידל? קער דיך אום צו איר און געזעגן דיך נאָך אַמאָל. די שיף וועט שוין אויף דיר אויסוואַרטן, — האָבן צוויי שיכּורע מאַטראָזן איילנדיק צו דער שיף פון אים חוזק געמאַכט.

## טאָלי און טאָבי

טאָלי האָט זיך גערירט פונם אָרט און זיך געלאָזט נענטער צום וואַסער. דערווייל האָט ער דערזען ווי מען נעמט טראָגן די ווייסע זעקלעך צו דער שיף. האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט און גלייך מיט אַנדערע שיפאַרבעטער פאַרוואָרפן אַ זעקל אויפן אַקסל און עס אַרויפגעטראָגן אויף דער שיף. דער מאַטראָז אָן דעם אויער האָט זיך באַלד באַוויזן און אים געגעבן אַ וואונק, אַז ער זאָל אים נאָכגיין.

— וועסט דיך מוזן באַהאַלטן אויפן דנאָ פון שיף אויב דו ווילסט מיטפאָרן. מען וועט דאָסמאָל שטאַרק זוכן. פאַרשטייסט? מען וועט דאָסמאָל זוכן שמוגלערס פון ווייסע פּראָשקעס. פאַרשטייסט? — האָט דער מאַטראָז אין דער שטיל גערעדט צו טאָלין.

אין דער צייט וואָס דער מאַטראָז האָט גערעדט האָט זיין רונד פעט פנים אַפילו ניט קיין צוק געטון. זיינע גרויסע גרויע אויגן האָבן געקוקט מיט דער קאַלטבלוטיקייט פון אַ מערדער.

— איך וועל זיך באַהאַלטן אויפן דנאָ פון שיף — איז טאָלי באַשטאַנען אויף אַלץ.

דער מאַטראָז איז געגאַנגען פאָרויס און טאָלי נאָך אים. טאָלי האָט געקוקט אויף זיין פירערס שפּיציקע פּלייצעס, אויף זיין שטייפן האַלדז־און־נאַקן און גאָרניט געהאַט קיין צוטרוי צו אים. — נאָר ווי אַ מערדער זעט ער אויס, — האָט טאָלי בא זיך געטראַכט, און אין גאַנג פּלוצלינג אַרויסגעשאָסן מיט אַ פראַגע.

— וואו האָסטו פאַרלוירן דיין אויער?

— אין מלחמה, — האָט דער מאַטראָז קורץ געענטפערט.

— ניט אומזיסט איז ער אַזוי פאַרשטיינערט און פאַרביסן, — האָט טאָלי אין האַרצן צו זיך אַליין גערעדט. — ווייזט אויס, אַז אַלע מענטשן, וואָס זיינען געווען אויפן שלאַכטפעלד האָבן באַקומען דעם אויסזען פון מערדער.

זיי זיינען געגאַנגען אויף רעכטס, אויף לינקס, אַראָפּגעגאַנגען מיט טרעפּ, ביז זיי זיינען פאַרגאַנגען אין אַ טונקעלן ווינקל. דאָרטן האָט דער מאַטראָז אויפגעהויבן אַ הילצערנע דעק און אָנגעבונדן אַ שטריק אויף אַ הוק.

— בינד דיך אַרום מיט דעם שטריק און לאָז דיך אַרונטער אין דער טיפעניש, — האָט דער מאַטראָז ווי באַפוילן.

טאָלי האָט אויסגעפאָלגט וואָס דער מאַטראָז האָט געהייסן. נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַרומגעבונדן, האָט ער זיך אָנגעהאַלטן אָן שטריק און זיך אַראָפּגעלאָזט ווי אין אַ שאַכט, וואָס אַמאָל טיפער און פינצטערער.

— אפשר איז עס גאָר אַ קאַנאַל, וואָס פירט אין וואַסער אַריין?

— איז טאָלין איינגעפאַלן.

— אפשר וועט דער מענטש אָן דעם אויער באַלד איבערשניידן דעם שטריק און איך וועל זינקען צום אָפּגרונט פון וואַסער? — אַ שיף זעט גאָר ניט אויס צו זיין אַזוי טיף.

טאָלי האָט געטריבן פון זיך די שרעקלעכע געדאַנקען און ווי, אין אַ קראַמף, מיטביידע הענט זיך פעסט אָנגעהאַלטן אָן שטריק. אָבער אַנשטאָט זיך אַרויפצוציען מיטן שטריק צוריק צום ליכט, צוריק צום לעבן, האָט ער גענידערט טיפער און טיפער. ענדלעך האָבן די שפיצן פון זיינע שיך עפּעס אָנגערירט. ביסלעכווייז האָט ער נאָכגעלאָזט דעם שטריק און געבליבן אין אַ געדיכטער פינצטערניש, רייטנדיק אויף אַ ברעט. דאָס ברעט איז געווען וואו אָנגעשפּאַרט און איז גע-לעגן שיף, (באַרג אַראָפּ).

ווי איינער, וואָס איז פּלוצלינג געשלאָגן געוואָרן מיט בלינד-זעניש, האָט טאָלי גענומען טאַפּן מיט די הענט אַרום זיך און פּאַוואָליע זיך אַראָפּגערוקט פון ברעט. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַלע פיר און גענומען אַרומקריכן אין אַ קליינעם קרייז. ער האָט אָנגעטאַפּט עטלעכע שווימבענדער, אַ טויטע מויז און אַ האַלב ווענטל אויף וועלכן דאָס ברעט האָט זיך געהאַלטן. אַ מידער, אַ פאַרשוויצטער האָט ער זיך דערנאָך אומגעקערט צוריק צום ברעט, זיך ווידער אויף אים אַרויפגעזעצט און מיט פאַרמאַכטע אויגן און אָנגעשפּיצטע אויערן געוואַרט מען זאָל נאָכלאָזן די שיף פונם אַנקער.

# אַ חלום

די שיף האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין. זי האָט וואָס אַמאָל שנעלער זיך גענומען באַוועגן און אַרויסגעאיילט צו די ברייטע וואַסערן. טאָלי איז געזעסן אויף דעם ברעט אין דער טיפעניש פון דער שיף און זיך צוגעהערט צו דעם רויש פון די כוואַליעס אַרום אים. עס איז אים באַלד פון אָנהייב אָן שווער געווען צו פאַרטראָגן די פינצטערניש, ער האָט געהאַלטן אין איין צומאַכן און אויפמאַכן די אויגן. די פינצטערניש האָט זיך אַלע מאָל געביטן און פאַר זיינע אָפענע און פאַרמאַכטע אויגן געשפּרייט די אויסגעלאָשענע פאַרבן פון אייביקער פינצטערניש. אָט האָט ער געזען אַ געדיכטע שוואַרצקייט גלאַנציק ווי סאַמעט און שוין האָט די שוואַרצקייט זיך גענומען צעפאַלן אין קוילן־שטויב. אָט האָבן פון דער הויך צו אים זיך אַראָפּגעלאָזט שוואַרץ־גרינע קנוילן, ווי וואָלקנס, און שוין איז פון זיי געוואָרן מיליאָנען און מיליאָנען קליינינקע שוואַרץ־רויטע רינגעלעך, ווי דריבנע אויגן־עפּעלעך.

טאָלין איז וואָס אַמאָל ענגער געוואָרן אַרום דער ברוסט און עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער וועט ניט לאַנג קענען אָטעמען אין דער שטיקנדיקער פינצטערניש.

די שווער־געלאַדענע שיף האָט אָנגעהויבן קנאַקן און קרעכצן און אַלע מאָל געשיקט סיגנאַלן אין דער ווייט. דאָס מאָנאָטאָנע רופן פון דער שיף האָט אָפּגעקלונגען אין זיינע אויערן ווי אַ וואָרנונג. ער האָט אין די סיגנאַלן געהערט די ווערטער: — העי ראַטעוועט אייך! די שיף לאָזט זיך אַראָפּ צום גרונט פון ים! — עס האָט אים אָנגעהויבן האַקן אין די שלייפן ווי מיט האַמערס. מיט ביידע הענט האָט ער אַרומגענומען זיין קאָפּ ווי מיט אַ רייף, און זיך ניט געקענט

קיין אָרט געפינען. ערשט ווען די מידקייט האָט אים איבערוועלטיקט, איז ער אַן אויסגעצוויגענער אויפן שמאָלן ברעט פאַרפאַלן אין אַ שווערן שלאָף.

אין שלאָף האָט ער זיך אומגעקערט צוריק צו זיין אַמאָליקער היים. עס האָט זיך אים געחלומט, אַז אַלע זיינע וואַנדערונגען, זיין אַרויפגנבענען זיך אויפן שיף, אַז דאָס אַלץ איז ניט מער ווי אַ חלום. אָבער אין דער אמתן ליגט ער גאָר איצט אויף זיינע היי־פעלדער און היט די פּאַשענדיקע פערד. עס איז ביינאַכט. דער הימל איז ליכטיק און אויסגעשטערנט. ער הערט ווי אַ פאַרלוירענער יונגער האָז רופט זיין מאַמען. עס חלומט זיך אים, אַז ער ליגט אַן אויפגעוועקטער מיטן פּנים צום הימל און טראַכט וועגן וואַנדע־רונגען, וועגן שיפן און ימים. עס הייבט אָן טאָגן און דער מאָרגן צעפינקלט זיך מיט גרויסע טראָפּנס טוי ווי מיט דימענטן. ער זעצט זיך אויף זיין פערד און רייט אַהיים אין דעם אויסגעוואַשענעם לויטערן מאָרגן. פון וועג קוקט ער אַריבער צו זיין וויים־געקאַלעכטער שטוב. זי זעט זיך קוים אַרוים די שטוב זיינע. פון הינטן דער באַרג, און פון פאָרנט צעגרינטע און צעבליטע ביימער. ער קוקט צום שטילן וואַלד. עס ציט זיך דאָרטן אין דער הויך צווישן די ביימער אַ דין רויכל. אַ וואַרים געפיל נעמט אַרום זיין האַרץ. ער רעדט עפּעס צו זיך אַליין. אָבער אַלץ וואָס ער הערט זיך זאָגן איז — טאָבי, טאָבי.

און אָט קומט זי טאַקע אָן טאָבי. זי קומט אָן מיט אויסגעוואַשענע וויסע פיס פון דעם קלאָרן וואַסער, וואָס שפּריט זיך ווי קרישטאָל. אַנטקעגן דער יונגער זון. זי טרייבט דאָס אירע אַנגעטרונקענע שאָף צום טאָל. די שאָף זענען קלאָר־וויים ווי אירע פיס. זיין פערד פאַר־נעמט זיך אויך צום וואַסער. אָבער אַנשטאָט דאָרטן צום טרינקען הייבט עס אָן קלאַפּן מיט אַ פוס און נעמט שאָקלען מיטן קאָפּ. עס וויל אים נאָר אַראָפּוואַרפן, אַזוי זיך צוליב שפּאַס. טאָבי זעט דאָס, און איר פריילעך געלעכטער צעקלינגט זיך איבערן טאָל. טאָלי האַלט זיך אָן אין דער גריווע, אָבער ניט אויף לאַנג. ער גליטשט זיך אַרונטער אויפן פערדס אַנגעבויגענעם האַלדז און גלייך אין וואַסער אַריין.

טאָלי איז אַראָפּגעפּאַלן פון ברעט און זיך אויפגעכאַפּט. אַרום אים איז שטאָק פינצטער. ער גלאָצט מיט די אויגן און ווייסט ניט ווער ער איז און וואו ער איז. ערשט ווען ער האָט גענומען אַרומ־פירן מיט אַ האַנט איבער זיין פּנים איז ער צו זיך געקומען. ער האָט זיך אויפגעהויבן פון דיל, באַטאַפּט דאָס ברעט און זיך ווידער אויף אים אויסגעציגן.

ער האָט זיך פאַרטראַכט וועגן זיין היים און געזען זיינע פעלדער אין דער בעסטער צייט פון וואַקסן, ער האָט פאַר זיך געזען טאָבין ווי זי לויפט אַרום אין טאָל צווישן די געלע מילך־בלומען און ער האָט געזען זיין טאַטע מאַמע זיצן אין דרויסן פאַר דער שוועל פון הויז.

— ווען ניט די מלחמה, — האָט ער מיט בענקשאַפט געטראַכט.

— ווען ניט די מלחמה, וואָלט איך איצט געווען אין דער היים. — ער האָט איצט געוואָלט, אַז אַלץ, די מלחמה, זיינע וואַנדערונגען, זיין איצטיקע רייזע אויפן ים, אַלץ זאָל זיין ניט מער ווי אַ חלום. די בענקשאַפט צו זיין היים איז אים מיטאַמאָל אַזוי שטאַרק דער־גאַנגען צום האַרצן, אַזש וואַרעמע טרערן האָבן אים אַ שלאָג געטון צו די אויגן. אַ פאַרשעמטער פאַר זיך אַליין האָט ער גיך אָפּגעווישט די טרערן און זיך געמאַכט האַרט. — עס וועט ניט נעמען לאַנג און איך וועל אָנקומען צו די ברעגן פון בראַזיליען און דערנאָך וועל איך פאָרן נאָך ווייטער.

טאָלי האָט ניט געוואוסט ווי עס האַלט מיט דער צייט. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער איז שוין זיכער עטלעכע טעג אויף דער שיף. ער האָט ניט געוואוסט אַז אין דער געדיכטער פינצטערניש, וואו מען זעט ניט דעם איבערגאַנג פון טאָג צו נאַכט איז אַ שעה אַ אייביקייט. עטלעכע מאָל האָבן זיך צו אים דערטראָגן שטילע זיל־בערנע קלאַנגען. דאָס קלינגען האָט אויסגעשלאָגן די צייט אויף דער שיף. ער האָט אָבער דאָס ניט געוואוסט. ער האָט זיך נאָר געוואונ־דערט פאַרוואָס מאַקס קומט ניט, ער האָט דאָך צוגעזאָגט אים צו פאַרזאָרגן מיט עסן.

עס איז אים וואָס אַמאָל אומהיימלעכער געוואָרן. ער איז

## אַ חלום

געשלאָפֿן, זיך אויפֿגעכאַפּט און ווידער געשלאָפֿן. צו פֿאַרטרייבן די לאַנגווייליקייט האָט ער אויסגעציילט עטלעכע מאָל זעכציק מאָל זעכציק און אַזוי אַרום פֿאַר זיך אויסגעמאָסטן די צייט אין שעהן.



# מאַקס קומט

אַ שיין פון אַ ליכט האָט זיך באַוויזן אין דער פינצטערניש און באַלד זיך ווידער אויסגעלאָשן. טאַלי האָט זיך אַ ריס געטון פונם אָרט און אויסגעגלאָצט די אויגן אין דער ריכטונג וואו דאָס ליכט האָט אויפגעבליצט. פון איבערן ווענטל האָט ער דערהערט מאַקסעס שטיל קול.

— העי, וואו ביסטו דאָרטן?

— אָט דאָ, הינטער דער וואַנט בין איך, — האָט טאַלי אַ דער־פרייטער אָפּגעענטפערט.

— ששש, שטילער, עמיצער קען נאָך דערהערן. אָט האָסטו פרישע צוויי זעמל מיט פוטער. איך האָב דיר געטראָגן קאַווע האָט זי זיך אויפן וועג אויסגעגאָסן. אפשר צוויי זופּ זענען געבליבן. נאַ, נעם. ניט געקענט קומען פריער. מע האַלט אין איין זוכן אויפן שיף די חברה מיט די פּראַשקעס. איך בין אָבער זיכער, אַז זיי האָבן אָפּ־געגנאַרט אונדזער קאַפּיטאַן און געפאָרן מיט אַן אַנדערער שיף. דאָ איז אַ גוט באַהעלטעניש. זאָלסט דיך ניט אַרויסרירן פון דאַנען. נאַ דיר צוויי שוועבעלעך, זאָלסט זיי אָבער ניט אָנציינדן, סיידן אין אַ נויטפאַל.

— וואָס איז איצט טאָג צו נאַכט? און וויפל האַלט איצט דער זייגער? — האָט טאַלי געפרעגט.

— זעקס מאָל האָט עס נאָר וואָס אויסגעשלאָגן. דאָס מיינט זיבן אינדערפרי. און פונם ברעג זענען מיר שוין צען שעה.

— וואָס? בלויז צען שעה פונם ברעג? ערשט איין נאַכט זענען מיר אָפּגעפאָרן? וואָס פאַר אַ לאַנגע נאַכט דאָס איז געווען. —
עס האָט זיך אים ניט געוואָלט גלייבן, אַז ער איז אינגאַנצן ערשט

איין נאַכט אויפן וואַסער, און ער האָט עפּעס נאָך געוואָלט זאָגן, עפּעס פרעגן, אָבער מאַקס איז שוין ניט געווען.

טאָלי האָט אויפגעגעסן די צוויי זעמל, אויסגעטרונקען דאָס ביסל קאַווע און ווידער ניט געוואוסט וואָס צו טון מיט זיך. די צייט האָט, ווי פּעך, זיך געצויגן. ער האָט זיך געביסן די נעגל פון די פינגער ביז בלוט, און זיך אויסגעפּוצט די האָר פון זיין יונגער באָרד. באַם איינ־שלאָפן איז ער עטלעכע מאָל אַראָפּגעפאַלן פון דעם שמאָלן ברעט ביז ער האָט זיך ביסלעכווייז צוגעוווינט צו דעם נייעם געלע־גער און דאַרויף אַזוי גוט געשלאָפן ווי אין אַ בעט. אויפן דיל האָט ער ניט געקענט שלאָפן, ווייל עס איז דאָרטן געווען נאַס פון זיינע מענטשלעכע באַדערפענישן. דערצו זענען דאָרטן אַרומגע־לאָפן מייז און שטשורעס.

איינמאָל האָט טאָלי זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ שטאַרק גרימעניש אין בויך. זיין גאַנצע אינגעווייד האָט זיך ווי איבערגעקערט און זיך גענומען רייסן צום שלינג. טאָלי האָט ניט געוואוסט, אַז דאָס איז די ים־קראַנקהייט. ווי אַ געפּאַנגענע און געבלענדטע חיה האָט ער אין דער שטיל געברומט. ער האָט פאַרקלעמט ביידע הענט אין פויסטן און מיט זיי אַריינגעדריקט די אויגן ביז ווייטיק.

— ווען וועל איך שוין זען ליכט? ווען וועל איך שוין זען די זון? — האָט ער צו זיך אין דער שטיל גערעדט.

ער האָט זיך דערמאָנט אָן די צוויי שוועבעלעך און מיט ווילדער פרייד זיי גיך אַרויסגענומען פון קעשענע. צוערשט האָט ער אויס־געטאַפּט די העלצלעך און די קיילעכדיקע סירקע־קעפּלעך און דער־נאָך האָט ער באַ זיך אָפּגעמאַכט איין שוועבעלע אָנצוצינדן.

עס איז אים שוין געווען אַלצאיינס. — זאָל מען מיך כאַפּן. זאָל די שיף זיך אָנצינדן, זאָל זי עקספּלאָדירן. איך מוז זען ליכט, אַז ניט וועל איך דאָ שטאַרבן, — האָט ער באַ זיך געטראַכט.

איין שוועבעלע האָט ער צוריק באַהאַלטן אין קעשענע און מיטן אַנדערן האָט ער אַ פּיר געטון איבערן ברעט. עס האָט אַ בליאַסק געטון דער פלאַם און פון דער ליכטיקייט איז ער ערשט אויפגעניי

געבלענדעט געוואָרן. מיט ציטערדיקע הענט האָט ער אַרומגענומען דאָס ברענענדיקע שוועבעלע. איין אויג האָט ער אײַנגאַנצן פֿאַרמאַכט און מיטן אַנדערן האָט ער דורך אַ שמאָל שפּעלטעלע אַרויסגעקוקט. ווי אַן אורמענטש האָט ער מיט פֿרייד און נײַגעריקייט געקוקט אויף דעם קליינעם פֿײַערל. בײַם ליכט פֿון שוועבעלע האָט ער זיך אויך אַרומגעקוקט ווי ער איז אין דער וועלט און דערזען, אַז ער געפֿינט זיך אין אַ דרײַ־עקיגער קאַמער, פֿון וועלכע איין ווענטל איז נאָר האַלב פֿאַרבויט. דאָס שוועבעלע האָט אין עטלעכע רגעים אויסגע־ברענט און די פֿינצטערניש איז ווידער אַרום פֿון אַלע ווינקעלעך און אויפֿסניי זיך גענומען וויקלען אַרום אים. אַ רואיקער איז ער איצט געבליבן זיצן אויפֿן ברעט און געוואַרט מען זאָל קומען זוכן פֿון וואַנען דאָס ליכט איז געקומען. זײַן וואַרטן איז אָבער געווען אומזיסט. קיינער איז ניט געקומען.

דאָס גרימעניש און דרייעניש בײַ אים אין בויך האָט ניט נאָכ־געלאָזט. דערצו איז אים דער קאָפּ געוואָרן אַזוי שווער, גלײַך ווי ער וואָלט געווען אָנגעגאָסן מיט בלײַ. עס איז אים מיטאַמאָל געוואָרן וואַסערדיק אין מויל און ער האָט זיך אָנגעהויבן רײַסן צום ברעכן. זײַן ליידיקער בויך האָט ווי אַ קאָוואַלס אַ בלאָז־זאַק זיך אַלעמאָל אויפֿגעבלאָזן און ווידער אײַנגעפֿאַלן. ער האָט מיט ביידע הענט זיך פֿעסט אָנגעהאַלטן אָן ברעט. מיט אַלע כוחות האָט ער זיך אָנגע־שטרענגט עפּעס אַרויסצוברעכן און ניט געהאַט וואָס. דאָס לעצטע ביסל סלינע האָט ער אַרויסגעגעבן, און דער דראַנג צום ברעכן האָט אים ניט אויפֿגעהערט מאַטערן. ווען ער איז אַביסל צו זיך געקומען איז ער אַ געבאַדענער אין שווייס אַוועקגעפֿאַלן אויפֿן ברעט און אײַנגעשלאָפֿן.



# צוויי הערינג אויף אַ שטריק

— הערי דו, צוויי ביסמאַרק-הערינג האָב איך געבראַכט, — האָט עמיצער מיט די ווערטער אויפגעוועקט טאָלין פון שלאָף. אַן אָפּגעשוואַכטער האָט ער זיך אויפגעהויבן און אַרויפגעקוקט צו אַ מאַטן שימער פון אַ ליכט. דער מאַטראַז אַן דעם אויער איז עס געווען. מיט איין האַנט האָט ער געהאַלטן האַלב פאַרשטעלט דאָס ליכט פון אַ קליין עלעקטריש לעמפּל און מיט דער אַנדערער האַנט האָט ער פון איבער דער וואַנט אַראָפּגעלאָזט צו טאָלין צוויי הערינג אַנגעבונדענע אויף אַ שטריק.

— ברויט און קאַווע וועט מאַקס ברענגען. און טאָמער דערווישט מען דיך דאָ, האָסטו אונדז קיינמאָל ניט געזען. הערסט?

— וויפל האַלט איצט דער זייגער? — האָט טאָלי געפרעגט.

— צען אין אָוונט. אַ טאָג מיט אַ נאַכט שווימען מיר שוין און נאָך אַפילו קיין צוויי הונדערט קנאָטן ניט געמאַכט. דאָס וועטער דינט ניט.

— עס איז אַ ליגן! אַ ליגן! איך בין דאָ שוין לענגער, — האָט טאָלי שיר ניט אַרויסגעשריגן. אָבער אָנשטאָט די רייד האָט ער זיך געגומען קלאָגן, אַז ער איז קראַנק און עס איז אים שווער צו אָטעמען אין דעם ענגן און פינצטערן באַהעלטעניש.

— אַלע זענען זיי אַזוי דאָס ערשטע מאָל. אויף דער טריקעניש זענט איר בראַווע ים-לייט, — האָט דער מאַטראַז זיך געבייזערט, — ווילסטו זיין אַ ים-פאָרער דאַרפסטו וויסן, אַז דער ים האָט זיך זיינע געזעצן, וואָס גילטן פאַר אַלעמען, פון דעם קאַפּיטאַן ביז צו דעם בלינדן פּאַסאַזשיר. — ניט זיין קיין צעקראַכענער, ניט קרעכצן און וויינען ווען עס טוט וויי, מען פאַרבייסט מיט די ציין און דער עיקר, ניט אויסזאָגן אויף יענעם. דו הערסט?

## ט אָ ל י  א ו ן  ט אָ ב י

דער מאַטראָז איז אַוועק און טאָלי איז געבליבן מיט די הערינג. ווי צוויי געכאַפּטע פיש האָט ער זיי געהאַלטן אויפן שטריק און געוואַרט אויף ברויט. דער געזאַלצענער ריח איז אָבער פאַרגאַנגען אין זיינע נאָזלעכער און אים דערמאָנט, אַז ער האָט די גאַנצע צייט, וואָס ער איז אויף דער שיף כמעט, גאַרניט ניט געגעסן. מיט אַן אויפ־געוועקטן אַפּעטיט האָט ער דערוויל געלעקט די געזאַלצענע הויט פון די הערינג. ער האָט געוואַרט און געוואַרט אויף ברויט ביז ער האָט פאַרלוירן דאָס געדולד און אַן אויסגעהונגערטער, אָן ברויט, מיט גרויסע ביסן, גיך אויפגעגעסן ביידע הערינג מיט די רויגן, מיט די ביינער און מיט די קעפּ. פון דעם פעטן ביסן איז ער אינגאַנצן זאַט געוואָרן. אָבער נאָך איידער ער האָט זיך באַלעקט האָט אים אָנגע־הויבן שטאַרק דאָרשטן, און ניט נאָר דאָרשטן, עס האָט אים גענומען ברענען אין בויך, אין האַלדז און אין מויל. זיינע ליפּן האָבן, ווי וואָרשטלעך אויפן פייער, צוערשט זיך אויפגעבלאָזן און דערנאָך געפּלאַצט און איינגעשרומפּן געוואָרן. עס איז אים געוואָרן טרוקן אין שלונג. די צונג איז אים איצט איבעריק געווען אין מויל. ער האָט מיט איר אַרומגעפירט איבערן טרוקענעם גומען ווי מיט אַ שטיק לעדער און דערנאָך זי אַרויסגעשטעקט, זי געלאָזט אַראָפּהענגען, ווי די צונג באַ אַ הונט אין די היצן. ער האָט באַוועגט מיט די אַנקלען און גע־וואָלט אויסאַרבעטן אַביסל סלינע, אָבער אַנשטאָט סלינע האָט ער דערפילט דאָס בלוט פון זיינע ליפּן. אַ דאָרשטיקער האָט ער געלעקט און געזויגן דאָס אייגענע בלוט און אַפילו ניט געפילט דעם ווייטיק פון זיינע צעשטיקלטע ליפּן.

די היץ האָט ניט נאָכגעלאָזט. פאַרקערט, זי איז וואָס אַמאָל שטאַרקער צו אים צוגעטראָטן. פון דער געדיכטער פינצטערניש האָבן מיטאַמאָל, ווי פונקען פייער, אָנגעהויבן שפּריצן אים גלייך אין די אויגן אַריין. ווי איינער, וואָס וויל לויפן און קען ניט, אַזוי האָט ער הילפלאָז באַוועגט מיט די הענט, זיך אַראָפּגעלאָזט צום דיל און דאָרטן געבליבן ליגן ווי צוגעקלעפּט מיטן פּנים צו די פייכטע און קילע ברעטער.

טאָלי איז געלעגן אַ פאַרטראַגענער אין היץ און ניט געוואוסט וואָס עס טוט זיך מיט אים. עס איז אים פאָרגעקומען, אַז ער ליגט גאָר אויף אַן אָפּגעבראָכן שטיק ברעט, וואָס טראָגט זיך אויפן שטורעמדיקן וואַסער. עס איז ביינאַכט און ער איז איינער אַליין אויף דעם אומ־ענדלעכן ים. און פּלוצלינג האָבן פון דער הויך זיך פאַוואַליע אַראָפּ־געלאָזן צוויי פייערדיקע שטיקער וואָלקן, אים אויפגעהויבן אין דער לופטן און ווי אויף ברענענדיקע פליגל אים פאַרטראָגן אויף אַ בריק פון לויטערן מירמלשטיין. עס ברעכט זיך דורך דער שטערן פון מאָרגן און ער דערזעט די בריק אַן אויסגעצייגענע איבער אַ וואַסער, וואָס ברויזט, שטורעמט און וואַרפט מיט גרויסע שטיינער. ער זעט ווי עס קומען אָן מיט דער בריק מענטשן, אַ סך מענטשן, אַלע ווייסע ווי מירמלשטיין. דאָס בייזע וואַסער האַלט אין איין וואַרפן גרויסע שטיינער אויף זיי. אָבער די מענטשן, פאַרוואונדעטע, מיט בלוטיק־רויטע צייכנס אויף די שטערנס און אויף די הערצער, גייען מוטיק אַנטקעגן דעם אויפגייענדיקן לויטערן טאָג. טאָלי הייבט זיך אויף פון דיל און לאָזט זיך אויך אַוועק אין גאַנג מיט די אַלע מענטשן, וואָס ער זעט פאַר זיך. ער שלאָגט זיך אָבער באַלד אָן אין ווענטל פון זיין פינצטערער נאָרע און ער פאַלט אַוועק אויפן רוקן.

פון דעם פאַל איז ער אַביסל געקומען צו זיך. ער האָט זיך אויפּ־געזעצט און מיט ביידע הענט זיך אָנגעכאַפּט באַם קאָפּ. — איך בין קראַנק. איך וועל דאָ אַראָפּ פון זינען, — האָט ער באַ זיך געטראַכט און ווי ניט מיט זיין כוח זיך גיך אַרויפגעדראַפּעט אויף דער האַלבער וואַנט און אַריבערגעקראָכן אויף דער אַנדערער זייט. דאָרטן האָט ער גענומען אַרומקריכן צווישן שווימבענדער, קעסטלעך און שטי־קער האָלץ.

אַ שטיקל פאַרפוילט האָלץ מיט גרינלעכן שיין פון פאָספאָר האָט אַרויסגעלייכט פון דער פינצטערניש. פאַר טאָלין איז עס דעמאָלט גע־ווען די ליכטיקייט פון וואונדערלעכער פאַרב און זיינע אויגן האָבן אויפגעשיינט.

## קעמל און זשיראַף

טאַלי האָט אַ מידער זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטיק צעריסענער פּלאַכטע ניט ווייט פון דעם לייכטנדיקן האַליץ. ווייזט אויס, אַז עס איז געווען שפּעט אין דער נאַכט. דאָס טומלען אויף די אויבערשטע דעקן האָט זיך אינגאַנצן געהאַט איינגעשטילט. ער האָט נאָר געהערט ווי די שיף שניידט די שווערע וואַסערן, ווי זי קרעכצט און אָטעמט ווי אַ שטאַרקער ריז.

— זאָל זיך דער ים האָבן זיינע געזעצן. איך מוז גיין זוכן וואַסער. איך וויל דאָ ניט אויסגיין פון דורשט, — האָט טאַלי באַ זיך אָפּגעמאַכט און טאַקע באַלד גענומען קריכן איבער קאַסטנס און זעק. ער האָט אָנגעריבן זיין לעצט שוועבעלע און זיך אַרומגעקוקט צי זעט מען ניט וואו אַן אַרויסגאַנג צו די אויבערשטע דעקן.

ביים שיין פון ברענענדיקן שוועבעלע האָט ער דערזען צוויי מענטשן. זיי זענען, ווי ער, געקראָכן איבער די קאַסטנס און זעק.

— וואַסער! וואַסער! איך גיי אויס פון דורשט, — האָט טאַלי צו זיי אַריבערגערופן. זיין פאַרשמאַכט טרוקן קול האָט געפונען צוטרוי און אים באַלד געבראַכט הילף. די צוויי זענען גיך צוגעלאָפן צו אים.

— ווער ביסטו פרינץ און וואָס טוסטו דאָ? — האָט איינער פון די צוויי געפרעגט און אָנגעצונדן אַ שוועבעלע.

— איך בין אַ בלינדער פּאַסאַזשיר און איך זוך וואַסער, אַ טרונק וואַסער, — האָט טאַלי געענטפערט.

— איך האָב אָבער געוואוסט, אַז דאָס איז איינער פון אונדזערע, — האָט דער אַנדערער זיך אָנגערופן. — מיר פאָרן מיט דעמזעלבן

קלאַס וואָס דו און וואַסער און עסן האָבן מיר גענוג. קום מיט אונדז אין אונדזער פּאַלאַץ אַריין.

טאָלי האָט באַם קליינעם פּלאַם באַטראַכט די צוויי פרעמדע פּאַרשוינען מיט די פּאַרוואַקסענע און פּאַרשמירטע פּנימער. איינער איז געווען אַ מאָגערער מיט אַן אויסגעצויגענעם לאַנגן האַלדז און דער אַנדערער איז געווען אַ ברייט-ביינערדיקער, אַ שטאַרקער. זיי האָבן ביידע אויסגעזען צו זיין אַכצן אָדער ניינצן יאָר אַלט. ביידע זענען געווען אָנגעטון אין מאַטראָזן-קליידער ווי טאָלי.

עס איז טאָלין געפעלן געוואָרן זייער גאַסטפריינטלעכקייט און ער האָט זיך ניט לאַנג געלאָזט בעטן. ער האָט זיך אָנגעהאַלטן אָן איינעם פון זיי און זיך געלאָזט פירן צו זייער ווינקל. זיי זענען נאָר צוגעקומען צו זייער באַהעלטעניש האָט איינער טאָלין דערלאַנגט אַ בלעך מיט וואַסער. טאָלי האָט זיך מיט די ציין איינגעקלעמט אין דער בלעך און גאָרניט געוואָלט אויפהערן טרינקען. אַ דערפרישטער, אַן אויפגעלעבטער, האָט ער זיך דערנאָך אַראָפּגעלאָזט לעבן זיינע צוויי נייע פריינט, אויף אַן אויסגעבעטן דיל, און דער ערשטער פאַר־פירט אַ שמועס.

— צוליב אַ טרונק וואַסער האָב איך שוין געוואָלט זיך איבער-געבן דעם קאַפּיטאַן אין די הענט אַריין.

— דיין ערשטע רייזע אוודאי

— יאָ, מיין ערשטע.

— און ווער האָט דיר געהאָלפן פאַרקריכן אַהער?

— ווער? קיינער ניט.

— דיין ענטפער געפעלט מיר.

— מיר אויך. אַזוי רעדט אַ שיפהאַז.

— אויב דו ווילסט קענסטו בלייבן מיט אונדז.

— איך האָב אָבער גאָרניט, ניט קיין עסן, ניט קיין געלט און אפילו ניט קיין שוועבעלעך.

— ניט געזאָרגט, אויף דער שיף איז דאָ אַלצדינג.

— עס וועט נאָך אַלץ בלייבן גענוג פאַר די פון ערשטן קלאַס.

טאָלי איז געבליבן אין דעם נייעם באַהעלטעניש און די צוויי, וואָס האָבן נאָר וואָס געהאַט צוגעשלעפּט עסנוואַרג פון קיך, האָבן צוליב זייער גאַסט אָנגעצונדן אַ ליכט און זיך געזעצט פּראַווען אַ סעודה. זיי האָבן געהאַט הערינג, טרוקענע פיש, לימבורגער קעז און אַפילו זיס געבעקס. באַנאַכט, ווען אַלע אויף דער שיף זענען גע־שלאָפן זענען זיי געווען היימיש אין קיך און פון דאָרטן אַרויסגע־שלעפּט וואָס זיי האָבן נאָר געזען. טאָלי האָט געגעסן מיט די אויגן. ער האָט געליטן פון דער ים־קראַנקהייט און אַפילו גאָרניט פאַרזוכט פון די אַלע גוטע זאַכן.

נאָכן עסן האָבן זיי זיך אַלע דריי אויסגעצויגן אויף דעם געלע־גער, אויסגעבעט פון שווימבענדער. ווען זיי האָבן שוין געהאַלטן באַם איינשלאָפן האָט טאָלי זיך ווי אָן עפּעס דערמאָנט און זיך אויפגעזעצט.

— מיין נאָמען איז טאָלי, און ווי רופט מען אייך ?

— אים רופט מען קעמל, ווייל ער קען אויספאָרן אַ וועלט אָן וואַסער, האָט דער מיטן לאַנגן האַלדז זיך אָנגערופן.

— און אים רופט מען זשיראַף. פאַרוואָס מען רופט אים אַזוי דאַרפסטו שוין אַליין פאַרשטיין, — האָט דער בריינבייניערדיקער, שוין ווי פון שלאָף, אַרויסגערעדט די ווערטער.

טאָלי האָט זיך צעלאַכט אויפן קול, ווייל דער נאָמען איז דעם פאַרשוין מיטן אויסגעצויגענעם דינעם האַלדז געווען ווי צוגעמאָסטן.



# סמבטיון וואַרפט מיט שטיינער

די שיף האָט פאַרוויגט די דריי אין טיפן שלאָף און אין חלומות וועגן ווייטע ים-רייזעס. טאָלי איז געלעגן צווישן זיינע נייע צוויי פריינט און שווער געשנאָרכט. מיטאַמאָל האָט ער אין שלאָף דער־פילט ווי מען באַוואַרפט אים מיט שטיינער. און ווידער איז אים פאָרגעקומען, אַז דאָס איז דער בייזער טייך סמבטיון וואָס לאָזט קיינעם ניט צו נאָענט צו זיך.

די שטיינער זענען געפאַלן מיט האַרטע קלעפּ אויף טאָלין און אויך אויף זיינע צוויי ביישלעפער און זיי אַלעמען אַרויסגעריסן פון דעם שווערן שלאָף. זיי האָבן זיך גיך אויסגעניכטערט און אויסגע־פונען, אַז זייערע פיס, ביז העכער די קני, זענען איינגעגראָבן אין דריבנע קוילן. עס איז זיי איצט קלאָר געוואָרן, אַז אויפן ים איז אַ שטורעם. די כוואַליעס בייגן די שיף אין אַלע זייטן און אַ הויפן קוילן האַלט זיך אין איין איבעררוקן און אין איין איבערוואַרפן אין דעם ווינקל וואו זיי האָבן זייער געלעגער.

זיי האָבן זיך אַלע אַרויסגעראַטעוועט מיטן לעבן פון דעם קוילן־האַגל און אַוועק אין אַן אַנדער זייט זיך היילן די וואונדן און ביילן. זשיראַף האָט געהאַט אַ טיפן שניט איבערן רעכטן אויג און מען האָט גאָרניט געקענט פאַרהאַלטן דאָס בלוט. מען האָט אים אַוועק־געלייגט אויפן רוקן, אָבער עס האָט גאָרניט געהאָלפן. דאָס בלוט האָט געשטראָמט ווי פון אַ קוואַל און אים פאַרגאָסן דאָס גאַנצע פנים.

— איך וועל דאָ אָפּגיין אין בלוט, — האָט ער אַן אָפּגעשוואַכ־טער זיך אָפּגערופן.

— מיר וועלן איינשטעלן און דיך נעמען צו די הייצערס, — האָט קעמל אים געענטפערט און טאַקע באַלד מיט טאָלים הילף אים

אויפגעהויבן פון דיל. זשיראַף האָט פאַרוואָרפן זיינע לאַנגע הענט אויףביידנס אַקסלען און אַלע דריי האָבן זיי זיך אַוועקגעלאָזט קריכן איבער די פינצטערע קאַמערן, ביז זיי זענען אויסגעקומען ניט ווייט פון די קעסלען און מאַשינען. וואָס ווייטער זיי זענען געקראָכן אַלץ הייסער און שטיקנדיקער איז געוואָרן די לופט אַרום זיי. זשיראַף האָט ווי אַ געקוילעטער געהאַלטן פאַרוואָרפן דעם קאָפּ און דאָס בלוט האָט ניט אויפגעהערט רינען.

ענדלעך האָבן זיי פון דערווייטנס דערזען דאָס רויטע פייער פון אַן אויוון. פאַר דעם אויוון זענען געשטאַנען עטלעכע האַלב-נאַקעטע מענטשן און, ווי אין אַ פּיסק אַריין, געוואָרפן גרויסע לאָפּעטעס קוילן אין דער פייערדיקער עפענונג.

— צוויי הייצערס גייען אַהער, — האָט קעמל מיטאַמאָל געגעבן אַ פאַרנעם זשיראַפן און טאָלין אין אַ זייט אונטער אַ וואַנט. זיי זענען דאָרט אַלע דריי געבליבן שטיין און געוואַרט ביז די הייצערס זענען צוגעקומען נענטער.

— זע נאָר, דעם קאַפּיטאַנס געסט אוודאי.

— ווייזט אוים אַז דער שטורם האָט זיי אַרויסגעוואָרפן פון זייערע ווייכע בעטן, — האָבן די הייצערס גענומען שפּאַסן, ווי נאָר זיי האָבן באַמערקט די דריי פאַרשווינען.

— איינער פון אונדז גייט אָפּ אין בלוט און מיר האָבן ניט מיט וואָס אים צו באַנדאַזשירן, — איז קעמל דער ערשטער אַרויס מיט רייד.

— מיר האָבן געהאַט אונדזער געלעגער ניט ווייט פון די קוילן. — האָט טאָלי אים געוואָלט אַרויסהעלפן.

— דאָס איבעריקע דאַרפט איר אונדז שוין ניט דערציילן, — האָט איינער פון די הייצערס אים איבערגעשלאָגן.

— איר זענט נאָך גוט אַרוים, — האָט דער אַנדערער צו זיי גערעדט, און פון דער נאָענט, באַם שיין פון זיין עלעקטריש לעמפּל, באַטראַכט זשיראַפס וואונד. — אויף אונדזערער אַ רייזע, דאָ ניט לאַנג, האָבן די קוילן אין אַ שטורעמדיקער נאַכט, זיך איבערגערוקט

פון איין אָרט אויפן אַנדערן און באַגראָבן אין זיך צוויי שלאָפנדיקע בלינדע פּאַסאַזשירן. ערשט אין האַפן, ווען מיר האָבן פון יענעם יוינקל אַרויסגענומען דאָס לעצטע ביסל קוילן האָבן מיר געפונען די צוויי טויטע קערפּערס.

איינער פון די הייצערס האָט געבראַכט וואַסער און באַנדאַזשן. זיי האָבן אויסגעוואַשן זשיראַפּס וואונד, אים באַנדאַזשירט דעם גאַנצן קאָפּ און דערנאָך אָנגעוויזן די שיפהאָזן אַ בעסער באַהעלטעניש.

אין דעם נייעם באַהעלטעניש האָבן זיי געטראָפן נאָך בלינדע פּאַסאַזשירן און זיי האָבן די גאַנצע צייט זיך אַלע געהאַלטן אינאיי־נעם. בייטאָג זענען זיי געשלאָפן און ביינאַכט זענען זיי ווי האָזן אַרויס זוכן עסן. צוואַנציק טעג און צוואַנציק נעכט זענען אַוועק אין דער טיפעניש פון דער גרויסער שיף ביז זיי זענען אָנגעקומען אין האַפן פון ריאָ־דע־זשאַנעיראָ.

דאָס לאַנדן איז זיי אַלעמען אָנגעקומען זייער לייכט, ווייל אין יענער צייט און אין יענעם לאַנד איז מען ניט געווען אַזוי שטרענג צו בלינדע פּאַסאַזשירן.



# אַ בריוו צו טאַבּיס טאַטע מאַמע

טאַבּיס טאַטע איז אַהיימגעקומען פון דער מלחמה אַ גאַנצער און אַ געזונטער. די קינדער און די מאַמע זענען מיט פרייד אים אַנטקעגנגעלאָפן ביז אויפן וועג אַרויס און זיך אויפגעהאַנגען אויף זיין האַלדז. דער טאַטע האָט מיט פּרעמדקייט געקוקט אויף זיי אַלעמען און קיינעם ניט דערקענט. טאַבּי איז אין די יאָרן געוואָרן שלאַנק און אויסגעוואַקסן העכער פון דער מאַמען, די איבעריקע קינדער זענען געוואָרן גרויס און אינגאַנצן זיך פאַרענדערט. די מאַמע איז געוועזן שטאַרק אויסגעמאַטערט און פאַרעלטערט. סיי די מאַמע און סיי די קינדער זענען געווען אָנגעטון אין אַלטע אָפּגעריסענע קליידער און זיי האָבן געהאַט לאַנגע און אויסגעהונגערטע פּנימער. ווי אַ פאַרשולדיקטער האָט טאַבּיס טאַטע געקוקט אויף זיין הויזגעזינט מיט טרויעריקע אויגן אָנגעגאָסענע מיט טרערן. פון אַזאַ וויטן וועג איז ער אָנגעקומען און זיי גאָרניט געבראַכט, אַפילו קיין שטיקל ברויט ניט. מער ווי דריי יאָר האָט ער זיך אָפּגעזאַמט אין דער מלחמה און אָפּגעשפּאַרט האָט ער ניט מער ווי אַן אויסגעלייזיקטן פּאַטראָן-טאַש, אַ צעלעכערטן זעלנערישן מאַנטל און אַ גרויע באָרד.

דער וואַלדהיטער האָט זיך אַפילו רעכט ניט אויסגערוט פון דעם וויטן גאַנג, נאָר באַלד אַוועק צום גראַף אין הויף אַריין. ער איז געגאַנגען בעטן מען זאָל אים ווידער שיקן אין אַ וואַלד אַריין אַרבעטן. אָבער דער גראַף האָט אים אַפילו ניט געוואָלט זען. ער האָט אים אַרויסבאַפוילן, אַז ער האָט גענוג וואַלדהיטער אָן אים. אין שטוב איז ניט געווען קיין ברויט און טאַבּיס טאַטע האָט שוין געטראַכט צו נעמען זיין הויזגעזינט און מיט טאָרבעס אויף די אַקסלען זיך

אוועקלאָזן בעטלען. איז אָבער דעמאָלט ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן זייער הילף.

אומגעריכט איז צו טאָבים טאַטע מאַמע אָנגעקומען געלט און אַ בריוו, אַזש פון דעם ווייטן לאַנד אַמעריקע. דאָס גאַנצע דאָרף איז זיך דעמאָלט צונויפגעלאָפן אָנקוקן דעם בריוו, וואָס איז געווען באַשטעמפּלט און באַקלעפּט מיט רויטע און גרינע פּאָסטמאַרקעס. דאָס איז געווען אויפן צווייטן יאָר נאָך טאָלים אוועקוואַנדערן. טאָבי איז געווען זיכער, אַז דער בריוו קומט פון טאָלין. ווען זי האָט אים אָבער גענומען לייענען האָט זי געזען, אַז ער איז גאָר פון אַ ווייטן קרוב, וואָס זי האָט וועגן אים פריער קיינמאָל ניט געהאַט געהערט.

אין בריוו האָט דער קרוב געשריבן, אַז ער האָט געהערט וועגן טויט פון דעם אַלטן קייסער פראַנץ יאָזעף און וועגן דער גרויסער מלחמה. ער האָט אַ סך נאָכגעטראַכט וועגן זיין אַמאָליקער היים, ווי זי איז איצט וויסט און צעשטערט און זיך אויך דערמאָנט אָן זיי, זיינע קרובים, וואָס זענען דאָרטן זיכער אין גרויס נויט. דערווייל שיקט ער געלט זיי צו דערהאַלטן באַם לעבן און גאָר אינגיכן וועט ער זיי אַלעמען אַריבערנעמען אין דעם גאָלדענעם לאַנד אַריין.

טאָבי האָט געלייענט דעם בריוו אויפן קול. אַלע שכנים זענען געשטאַנען אַרום איר און אַרום אירע טאַטע מאַמע און זיך צוגעהערט. ניט נאָר מיט די אויערן האָבן זיי געהאָרכט נאָר אויך מיט פאַרוואונדערטע אָפענע מיילער.

— אָט דאָס הייסט אַ גליק.

— אייגן בלוט איז פאָרט ניט קיין וואַסער, — האָט אַלעמאָל עמיצער אַנדערש איבערגעריסן דאָס לייענען. טאַטע מאַמע זענען אויסער זיך פון פרייד. זיי האָבן קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסרעדן. אָבער טאָבי האָט לייענענדיק דעם בריוו ניט געטראַכט פון דעם גרויסן גליק, נאָר פון טאָלין. — גאָלדן לאַנד — ווי אָפט האָט ער פאַר איר איבערדערציילט די מעשׂות פון דעם גאָלדענעם לאַנד.

דאָס גאַנצע הויזגעזינט האָט זיך גענומען גרייטן אין דעם ווייטן

וועג אַריין. עס האָט אָבער גענומען לאַנג, זייער לאַנג ביז זיי זענען געווען גרייט צום פאָרן.

ענדלעך איז געקומען די צייט. אין אַ פרילינג האָבן, טאַטע מאַמע, טאָבי און זייערע איבעריקע קינדער זיך אַריינגעזעצט אין אַ גרויסן וואָגן צווישן אַ סך פעק און פעקלעך און די שכנים האָבן זיי אַרויס־באַגלייט פון דאָרף.

עס האָט דער פאַמיליע וואַלד־מענטשן געשווינדלט פאַר די אויגן פון דער גרויסער וועלט און פון דעם ווייטן וועג. זיי וואָלטן זיכער אין טומל פון די גרויסע שטעט וואו פאַרלוירן געוואָרן, ווען ניט די גוטע מענטשן, וואָס זיי האָבן באַגעגנט אויף זייער וועג. די מענטשן האָבן זיי געפירט און זיי געהאָלפן זיך צושלאָגן צו דער האַפנשטאָט ראָטערדאַם.



# די האָפנונג אויף ברויט און פרייהייט

אין דעם פרילינג, ווען טאָבי מיט איר פאַמיליע האָבן זיך אָוועק־געלאָזט קיין אַמעריקע, האָבן אין אַ סך לענדער זיך גענומען אויס־שפּרייטן אַלערליי מגפות. דאָס זענען געווען די שרעקלעכסטע נאָכווייען פון דער מלחמה. ווי שטרוי זענען בהמות געפאַלן אין פעלד, און עס זענען געשטאָרבן מענטשן גייענדיק אין גאַס. די מלחמה האָט צוגענומען בלויז דערוואַקסענע אָבער די פעסט האָט געריבעט יונג און אַלט. די ערד האָט אין די בלוטיקע שלאַכטן זיך שוין געהאַט צוגעוואוינט צו אַזויפיל מענטשן און זי האָט זיי ווי מיט אַ גרויס מויל געשלונגען צו הונדערטער מיט אַמאָל.

אין די האַפנס האָט מען געהיט, אַז די אַלערליי קראַנקהייטן זאָלן ניט פאַרשלעפּט ווערן אויף די שיפן און אויף יענער זייט ים. אַלע עמיגראַנטן, וואָס האָבן זיך געצויגן קיין אַמעריקע, האָט מען אין די פּאָרט־שטעט אויף לאַנג פאַרהאַלטן. מען האָט זיי געשוירן און געגאָלט, געוואַשן אין געבאָדן און נאָך אַמאָל און איבער אַמאָל גע־רייניקט און געפּאַרעט זייערע קליידער און זייער בעטגעוואַנט. אַזוי וואָכן און וואָכן נאָכאַנאַנד.

טאָבין און איר הויזגעזינט האָט מען זעקס וואָכן געהאַלטן אין ראָטערדאַמער האַפן און ערשט דערנאָך זיי אַרויפגעלאָזט אויף דער שיף. עס זענען דאָרטן געפאַלן טאָבים שיינע ברוינע צעפּ אויף דער ערד און מיט זיי זענען געפאַלן דער מאַמעס און טאָבים טרערן.

— גאָר ווי אין סאָלדאַטן, — האָט דער טאַטע בייז געברומט, ווען מען האָט אים אָפּגעשאָרן די באָרד.

ווי פאַרענדערט זיי האָבן דאָס אַלע אויסגעזען ווען זיי זענען אַרויף אויף דער שיף. טאָבי מיט איר אָפּגעשוירענעם קאָפּ האָט באַ־

קומען דעם אויסזען פון אַ אינגל. איר פּנים און איר האַלדז האָבן זיך ווי אויסגעצויגן אין דער לענג. זי איז געווען שטאַרק צעטומלט. זי האָט צום ערשטן מאָל איצט געזען אַ שיף און צום ערשטן מאָל געזען אַזויפיל מענטשן מיט פּעקלעך. עס איז איר פאָרגעקומען, אַז די אַלע מענטשן, וואָס טראָגן זייער האָב און גוטס אויף זייערע אַקסלען און אונטער זייערע אָרעמס, זענען אַמאָל געווען ביימער, איינגעוואָרצלט ערגיץ אין אַ וואַלד. איז געקומען אַ שטאַרקער שטור־רעם, זיי אַרויסגעריסן פון דער ערד און זיי גענומען טראָגן איבער דער וועלט. די קליינע קינדער, מיט נאַקעטע קעפּלעך, זענען געווען בלייך און שטאַרק איבערגעשראָקן. יעדעס מאָל וואָס די שיף האָט אַ פּייף געטון האָבן זיי זיך אָנגעבויגן ביז צום דיל און מיט ציטערדיקע הענט זיך געקלאַמערט אָן דער מאַמעס פּיס.

— איך האָב מורא, איך האָב מורא, — האָבן זיי אין דער שטיל געשעפּטשעט.

טאַטע מאַמע האָבן געהיט זייער געפּעק, געטוליעט די צעשראָ־קענע קינדער צו זיך, און מיט גרויסע אויגן האָבן זיי געקוקט אויף די פּאַסאַזשירן און אויף די ווייסע ווענט פון דעם גרויסן וואַסער־הויז. זיי זענען ביידע געווען אויסגעמאַטערט און דערשלאָגן. עס האָט זיי געשראָקן דער גרויסער ים. אין זייערע אויגן האָט אָבער געגליט די האָפנונג צו האָבן פאַר זייערע קינדער ברויט צו זאַט. עס האָט זייערע הערצער געוואַרימט דער געדאַנק, אַז באַלד וועלן זיי אָנקו־מען אין דעם רייכן לאַנד אַריין און פאַרגעסן וועט ווערן הונגער און נויט.

די פּאַסאַזשירן זענען מייסטנס געווען אידישע און ווי נאָר די שיף האָט זיך אָפּגערוקט פון ברעג האָבן זיי זיך אָנגעהויבן באַקענען איינער מיטן אַנדערן.

— אידן, פון וואַנען?

— וויפל קינדער האָט איר אין אַמעריקע?

— צו וועמען פאָרט איר מיט אַזויפיל קינדערלעך?

— און ווער נעמט אייך אַרויס? — האָט מען זיך פאַנאַנדערגעפרעגט.

— בלויז עטלעכע שטיינערנע קוימענס האָבן מיר איבערגעלאָזט אין אונדזער היים. ווי מצבות שטייען זיי דאָרטן נאָך אונדזער אָפּגעברענטער שטאָט.

— צוויי פון אונדזערע זין זענען דערהאַרגעט געוואָרן אין דער מלחמה, פאָרן מיר איצט צו דעם איינציקן, וואָס איז אונדז איבערגעבליבן.

— צוויי פון די קינדערלעך זענען קיילעכדיקע יתומים, אַרויס־געראַטעוועט פון אַ פּאָגראָם. טעג נאָכאַנאַנד האָט זיך באַ אונדז געגאָסן אידיש בלוט. אַפילו די קינדער האָבן זיי ניט געשוינט, די מערדער.

— אַ שוסטער־געזעל איז ער געווען אין דער היים און איצט נעמט ער אַרויס אַ האַלבע שטאָט צו זיך.

עס זיינען לויז געוואָרן די צונגען און יעדער איינער האָט געוואָלט דערציילן וועגן זיין מזל, וואָס טרייבט אים פון דער היים און פירט אים אין דעם אומבאַקאַנטן וויטן לאַנד אַריין. די שיף האָט זיך געגליטשט אויף די ברייטע וואַסערן און די מענטשן האָבן דערציילט און דערציילט. אַ סך האָבן דערציילט. עס איז אָבער געווען איין לאַנגע טרויעריקע געשיכטע וועגן פייער און שווערד און וועגן הונגער און טויט.

די שיף איז אויפן וועג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסער שטוב, וואו עס וואוינט איין גרויס הויזגעזינט, איין פאַרוואָגלטע פאַמיליע צו וועמען עס ווינקט די האָפנונג פון ברויט און פון פרייהייט.

די האָפנונג האָט לייכטער געמאַכט די שווערע ים־קראַנקהייט, וואָס האָט זיי טעג נאָכאַנאַנד געמאַטערט און ווי פאַרשנעלערט זייער וויטע רייזע.

— לאַנד! איך זע לאַנד! האָט עמיצער אויסגעשריגן אויפן צוועלפטן טאָג. אַלע האָבן מיט ווילדער פרייד זיך געוואָרפן צו די קיילעכדיקע פענצטערלעך און אַרויס אויף די דעקן.

## עלים איילאַנד

יאָרן און יאָרן איז עלים איילאַנד געווען דער אינדזל פון פרייד און פון טרויער. דאָרטן איז געווען דער טויער דורך וועלכן עס זענען אַריינגעקומען קיין אַמעריקע אַ סך אַ סך עמיגראַנטן. עס האָבן דאָרטן הויך אָפּגעקלונגען די פרייליכע קולות פון די, וואָס זענען דורכגעגאַנגען דעם טויער. אָבער נאָך העכער האָבן דאָרטן אָפּגעקלונגען די יאָמערלעכע געשרייען און געוויינען פון די, וואָס זענען פאַרהאַלטן געוואָרן אויף צוריקגעשיקט צו ווערן.

אין עלים איילאַנד איז היינטצוטאָג שטיל און פוסט ווי אין אַ פאַרלאָזטער מיל. בלויז געציילטע עמיגראַנטן זעט מען איצט דאָרטן זיך אַרומדרייען, ווייל פאַרריגלט און פאַרשלאָסן זענען היינטצוטאָג די טויערן פון אַמעריקע. אָבער אַנדערש, גאָר אַנדערש, איז עס געווען אין די פריערדיקע יאָרן. עס האָט דאָרטן שטענדיק גערוישט און געברויזט. שיפן פון פאַרשידענע לענדער האָבן יעדן טאָג געבראַכט צופירן צו דעם אינדזל, צו דעם טויער פון דעם גאָלדענעם לאַנד, טויזנטער און טויזנטער פאַרוואָגלטע און פאַרשטויסענע מענטשן.

אויף דעם אינדזל האָבן זיך געגעבן צו דערקענען טאַטעס צו זייערע אַריבערגעקומענע קינדער, וואָס זיי האָבן מיט יאָרן צוריק איבערגעלאָזט אין די וויגעלעך, ערגיץ אין דער אַלטער היים. עס האָבן זיך דאָרטן באַגעגנט אייגענע ברידער און שוועסטער, וואָס האָבן זיך ניט געקענט און מאַנען מיט זייערע פרויען צו וועמען זיי זענען אינגאַנצן געווען פרעמד. אין עלים איילאַנד האָבן זיך צונויפגעטראָפן מענטשן פון אייגן בלוט און פלייש, וואָס האָבן זיך נאָך קיינמאָל ניט געהאַט געזען. דער אומענדלעכער ים האָט יאָרן לאַנג די אַלע מענטשן געהאַלטן צעטיילט.

נאָך איידער מען האָט די אָנגעקומענע אַרויסגעלאָזט פון דעם

טויער אין נאָך איידער מען האָט צו זיי צוגעלאָזט די אַמעריקאַנער, וואָס זענען געקומען זיי אַראָפּנעמען פון שיף, האָט מען דערווייל פון איבערן צאָם אויפן קול זיך דורכגערעדט.

— קינדער מיינע, דאָס בין איך, אייער מאַמע אסתר רחל.

— איך וועל קושן אייער ערד און זיין צופרידן מיט טרוקן ברויט.

— גאָלדע, טאָכטער מיינע, רעד צו מיר. לאָמיך הערן דיין קול.

— דער פעטער איז אין דער מלחמה דערהאַרגעט געוואָרן.

— טאַטע, דערקענסט מיך ניט? דאָס בין איך יוסף, דיין זון יוסף

— ווי איז צו אונדז, אַז איך האָב געדאַרפט אייער טאַטן איבער־לאָזן אונטער אַ שטיין. אַ האַלבע שטאָט אידן האָבן זיי אויסגעקוי־לעט די מערדער.

— קינד מיינס, איך זע דיך, דערלעבט אַזאַ פרייד.

עלים איילאַנד האָט ניט אומזיסט באַקומען דעם נאָמען „דער אינדזל פון טרערן". די ערד האָט דאָרטן אין זיך איינגעזאַפּט די פריידיקע טרערן פון די, וואָס האָבן זיך פאַראייניקט מיט זייערע נאָענטסטע און פון די וועלכע האָבן ענדלעך געפונען אַ היימלאַנד. די ערד האָט אָבער דאָרטן אויך געטרונקען טרערן פון טיפן ווײ. די היטער פון די טויערן פון לאַנד, האָבן וואָס אַמאָל וואַכזאַמער גענומען היטן דעם שטאַרקן געלויף קיין אַמעריקע און ניט אַלעמען דורכגעלאָזט. אויף דעם טרערן־אינדזל איז אָפטמאָל פאַרהאַלטן געוואָרן אַ יונג קינד, אַן אַלטע מאַמע און אַלערליי אַנדערע עמיגראַנטן.

— אייער קינד וועט ניט אַריינגעלאָזט ווערן אין לאַנד אַריין, ווייל עס איז שוואַך און האָט נייגונגען צו קראַנקהייטן.

— דער מאַן איז שוואַכזיניק, ער האָט אַ שלעכטן זיכרון.

— אייער מאַמע קען ניט לייענען און קען ניט שרייבן. זי מוז צוריקגעשיקט ווערן אין דעם לאַנד אַריין פון וואַנען זי איז געקומען.

אַזוי שטרענג האָבן גערעדט די היטער. און עס האָט ניט געהאָלפן קיין געבעט און קיין געוויין. מען האָט די פאַרהאַלטענע אויף עלים איילאַנד אַוועקגעריסן פון זייערע פאַמיליעס און זיי צוריקגעשיקט אין די לענדער פון וואַנען זיי זענען געקומען.

## געזעץ איז געזעץ

מען האָט טאַבין פאַרהאַלטן אין עלים אייזלאַנד. באַם אַראָפּגיין פון דער שיף האָבן אַלע פּאַסאַזשירן זיך אויסגעשטעלט אין אַ שורה און די דאָקטוירים האָבן זיי באַטאַפּט און באַקוקט צי זיי האָבן מיט זיך ניט מיטגעבראַכט עפּעס אַ קראַנקהייט. לעבן טאַבין האָבן די דאָקטוירים אַביסל לענגער זיך אָפּגעשטעלט. זיי האָבן באַטראַכט אירע אויגן און צווישן זיך עפּעס גערעדט אויף ענגליש.

— עס איז איר גאָרניט. זיך פאַרקילט אויפן וועג, — האָט די מאַמע אַן איבערגעשראָקענע גערעדט צו די דאָקטוירים אויף אידיש. און דאָס איז טאַקע געווען דער ריינער אמת. טאַבי איז אַרויסגעפאָרן פון דער היים אַ געזונטע מיט גרויסע און לויטערע אויגן. ערשט אויף דער שיף, שוין נאָך דער ים־קראַנקהייט, איז איר צוגעפאַלן אַ פאַר־קילונג אין די אויגן. די דאָקטוירים האָבן קאַלטבלוטיק אויסגעהערט דער מאַמעס רייד, אַרויסגענומען טאַבין פון דער שורה און זי אַוועק־גענומען אין אַ זייט.

באַלד איז אָנגעקומען דער פרעמדער קרוב וואָס האָט זיי אַרוי־בערגעבראַכט און פון איבער דער וואַנט זיך געגעבן צו דערקענען צו טאַבים פאַמיליע. ער האָט זיי געלאָזט וויסן, אַז באַלד וועט ער זיי אַרויסנעמען פון עלים איילאַנד און זיי אַלעמען פאַרנעמען מיט זיך.

עס איז טאַבין און טאַטע מאַמע היימלעך געוואָרן ווען זיי האָבן דערזען זייער אַמעריקאַנער קרוב. אַ הויכער, אַן אויסגעפּוצטער איז ער געשטאַנען און גערעדט עפּעס מיט די היטער. זיין רעדן האָט געדויערט זייער לאַנג. אָבער ווען עס איז געקומען צום אַרויסגיין פון טויער האָט מען אַלעמען אַרויסגעלאָזט נאָר ניט טאַבין.

פון אָנהייב האָבן טאַטע מאַמע ניט געוואוסט, וואָס דאָס מיינט.

צעטומלטע זענען זיי געבליבן שטיין, שוין אויף דער אנדערער זייט, מיט זייערע קינדערלעך און מיט די פעקלעך און געפרעגט בא דעם אמעריקאנער קרוב, — נו און טאַטי? — וואָס וועט זיין מיט טאַטין?

— מען וויל זי צוריקשיקן, ווייל זי האָט ניט קיין ריינע אויגן, — האָט דער קרוב געענטפערט און אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, גלייך ווי ער וואָלט געווען אין דעם דער שולדיקער.

— צו וועמען? און וואוהין? — אז מיר האָבן דאָך דאָרטן קיינעם ניט, — איז די מאַמע ווילד אויפגעשפרונגען פון איר אָרט.

— צוריקשיקן גאָר? — האָט דער טאַטע ווי אַן אַלטער לייב זיך צעברומט.

— טאַטי, טאַטי, — האָבן די קליינע קינדער זיך צעלאָזט אויפן קול אין אַ געוויין.

טאַטי, אַ זעכצן יעריקע, מיט יונגן שפּראָץ אויף איר נאַקעטן קאָפּ, איז געשטאַנען אַ בלאַסע, אָן אַ טראָפּן בלוט אין פּנים, ווי אַ געפּאַנ־גענע האָט זי פון אונטער אַ דראָטענער וואַנט אַרויסגעקוקט צו איר פאַמיליע. זי האָט געוואוסט וואָס עס וועט מיט איר געשען. זי האָט אָבער ניט געקענט רעדן און ניט געקענט וויינען. די צונג און דאָס האַרץ זענען בא איר ווי פאַרגליווערט געוואָרן.

דער קרוב איז אַרומגעלאָפן פון איין היטער צום אַנדערן און געבעטן מען זאָל אַרויסלאָזן טאַטין. זיי האָבן אָבער אַלע ווי איינער געענטפערט: — געזעץ איז געזעץ.

עס האָט גאָרניט געהאָלפן, טאַטי האָט געמוזט צוריקפאָרן. די מאַמע האָט נאָר געשריגן, אַז זיי זאָלן זיך אַלע אומקערן אין דאָרף אַריין און ניט לאָזן טאַטין אַליין. אָבער דער טאַטע האָט פאַר זיך געזען די נויט און דעם הונגער, וואָס וואַרט דאָרטן אויף די קינדער און זי אָפּגערעדט דערפון.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען טאַטין אַרויפגעזעצט אויף אַ שיף און אַן עלנטע זי אָפּגעשיקט אַהין פון וואַנען זי איז געקומען. טאַטע מאַמע און די קינדערלעך זענען געשטאַנען באַם ברעג און אַריבערגעקוקט צו דער שיף און צו טאַטין.

— זאָלסט זיין אין דאָרף באַ אונדזערע שכנים ביז מיר וועלן דיך ווידער אַריבערנעמען, — האָט דער טאַטע צו איר אַריבערגערופן.

— פאַרוואָס נעמט מען פון מיר צו מיין קינד. וואוהין שיקט מען מיין קינד, האָט די מאַמע פון האַרץ אַרויסגעשריגן.

— טאָבי, טאָבי קום צוריק, — האָבן די קינדערלעך אין אַ געוויין אונטערגעהאָלפן דער מאַמען.

טאָבי איז געשטאַנען אויפן דעק אַן אומבאַוועגלעכע אַ שווייגנדיקע. זי האָט אַריבערגעקוקט צו אירע נאָענטסטע, און טרערן, גרויסע טרערן, זענען איר גערונען איבער די באַקן. די שיף האָט זיך פּאַוואָליע אָנגעהויבן אַרויסרוקן פון האַפן. די הויכע מויערן וואָס זענען געשטאַנען אויף דער ערד, אויף וועלכער מען האָט זי ניט אַרויפגעלאָזט האָבן זיך גענומען וויגן פאַר אירע אויגן און געוואָרן קלענער. עס זענען געוואָרן קלענער און קלענער די אַלע מענטשן וואָס זענען געשטאַנען באַם ברעג, ביז זיי זענען ווי אין אַ נעפּל אינגאַנצן פאַרשוואומען געוואָרן.



# צוריק אין דאָרף

איינע אַליין האָט טאָבי דורכגעמאַכט דעם וועג אויף צוריק. אויף דער שיף זענען געווען מענטשן, וואָס האָבן געזוכט זי צו טרייסטן און איר צו העלפן. זי האָט זיך אָבער געהאַלטן אָפּגעזונדערט פון אַלעמען, און טעג גאַנצע קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט. ביי־טאָג און ביינאַכט איז זי געווען אַליין מיט איר בענקשאַפט נאָך טאַטע מאַמע און נאָך אירע שוועסטער און ברידער. ניט איין נאַכט איז זי ניט געשלאָפן. ניט איין נאַכט איז זי ביז שפּעט געבליבן אויפן דעק און אַרויסגעקליפּעט צו דער נאַכטיקער טונקלקייט פון ים און הימל דאָס וואָרט — מאַ־מע.

אין איין נאַכט איז זי אַזוי לאַנג געזעסן לעבן אַן אָפן פענצטער פאַרן ים ביז אירע אויגנדעקלעך זענען צוגעפאַלן. פלוצלינג האָט זי פאַר זיך דערזען טאַלין. ער איז געזעסן אויף אַ שפּיץ פון אַ הויכן פעלזן און, ווי זי, געהאַלטן פאַרמאַכט די אויגן.

— טאַלי, דו לעבסט? — האָבן אירע ליפּן אין שטילקייט זיך קוים באַוועגט.

— איך לעב טאָבי, איך לעב, — האָט ער נאָך שטילער אַרויס־גערעדט די ווערטער. נאָך דער באַגעגעניש האָט טאָבי אַ סך געטראַכט וועגן טאַלין און פון דעם טראַכטן איז איר היימלעכער געוואָרן דער וועג אַהיים.

אין אַ לויטערן זומער־טאָג איז טאָבי אָנגעקומען אין דאָרף אַריין. ווי אַן אויפגעוואַכטע פון אַ לאַנגן אומרואיקן שלאָף, מיט פאַרפּלאָנ־טערטע חלומות, האָט זי זיך אַרומגעקוקט ווי זי איז אין דער וועלט. ס׳ערשטע האָט זי פון דערווייטנס אַריבערגעקוקט צו דעם טאָל און רייניקט און געפּאַרעט זייערע קליידער און זייערע בעטגעוואַנט.

עס איז באַ איר אין געדאַנק לעבעדיק געוואָרן די צייט ווען זי האָט זיך דאָרטן ארומגעשפּילט מיט טאָלין.

די מענטשן אין דאָרף זענען געווען פאַרנומען מיט אַן אַנדערן אומגעריכטן גאַסט ווען טאָבי איז אָנגעקומען. דאָס איז געווען אַ סאָלדאַט, וועמען מען האָט שוין פון לאַנג געהאַלטן פאַר טויט. זיין ווייב האָט שוין געהאַט אַן אַנדערן מאַן און דאָ איז ער, אין דער־זעלביקער וואָך וואָס טאָבי, אָנגעקומען אַהיים ווי פון יענער וועלט. די דאָרפסמענטשן האָבן אָבער ווי פאַרגעסן אָן סאָלדאַט, ווען זיי האָבן פּלוצלינג דערזען טאָבין מיטן פּעקל אונטערן אָרעם.

טאָבי איז געווען דרייצן וואָכן אונטערוועגנס. אָבער אין דאָרף האָט מען זי קוים דערקענט, אַזוי פאַרענדערט איז זי געוואָרן אין דער קורצער צייט.

— זעט, זיי האָבן אָפּגעשוירן אירע לאַנגע צעפּ.

— זעט נאָר וואָס עס איז געוואָרן פון אירע ליכטיקע אויגן.

— וואו זענען אירע רויטע באַקן?

— שטיינערנע הערצער האָבן זיי דאָרטן.

— אָפּגעריסן אַ צווייגל פון אַ בוים.

— זי געמאַכט פאַר אַ לעבעדיקער יתומה, — האָבן די דאָרפס־מענטשן צווישן זיך גערעדט און צוגעשאָקלט מיט די קעפּ.

— דו וועסט זיין באַ מיר טאָבי.

— ניין באַ מיר.

— איך וועל דיר האַלטן ווי מיין אייגן קינד, — האָבן אַלע שכנים זיך געריסן איבער איר. אין דאָרף האָט אָבער דעמאָלט נאָך געוואוינט איין איינציקע אידישע פאַמיליע, האָבן זיי גענומען טאָבין צו זיך און זי געהאַלטן אַ האַלב יאָר צייט. נאָכן האַלבן יאָר האָט אויך די לעצטע אידישע פאַמיליע אויסגעוואַנדערט, ווייל זיי האָבן זיך ניט געהאַט באַ וואָס צו האַלטן אין דאָרף און טאָבי איז איבערגעגאַנגען צו אַ גויאישן שכן.

טאָבין איז גוט געווען אין דאָרף. זי האָט געוואוינט באַ אַ פאַ־מיליע גוטע מענטשן. זי האָט זיי געהאָלפן אין שטוב און אין פעלד

און זיך פאַרדינט איר ברויט. די זון פון די לויטערע דאָרפישע זומער־טעג האָט איר אויסגעהיילט אירע ליכטיקע גרויסע אויגן. עס איז אין זיי אָבער געבליבן אַ טרויער, ווייל זי האָט געבענקט נאָך אירע נאָענטסטע. זי איז פאָרט געווען צווישן פרעמדע.

— באַלד וועלן מיר דיך אַרויסנעמען.

— באַלד וועלן מיר דיר אַרויסשיקן פּאַפּירן.

— באַלד וועט צו דיר אָנקומען אַ בריוו פון דעם אַמעריקאַנער קאָנסיל, — האָבן טאַטע מאַמע גערעדט צו איר דורך בריוו. די צייט האָט זיך אָבער געצויגן און געצויגן. אירע האָר האָט טאָבי שוין מער ניט געלאָזט וואַקסן, נאָר זיי אַלעמאָל אָפּגעשוירן. זי האָט בא זיך געטראַכט, אַז זי וועט בעסער אַרומלויפן מיט אַ אינגליש אָפּגע־שוירענעם קאָפּ, איידער זיך פאַרלאָזן לאַנגע גראָבע צעפּ, מען זאָל זיי דערנאָך אין ראָטערדאַם ווידער אָפּשערן.

פאַרגאַנגען איז דער זומער אין גאַלד, אַוועק איז דער ווייס־פראָסטיקער ווינטער, געקומען איז נאָך אַ זומער און טאָבי האָט נאָך אַלץ געוואַרט, אַז טאַטע מאַמע זאָלן זי אַרויסנעמען צו זיך.



## טאָלים וועג צום גאָלדענעם לאַנד

פון בראַזיליען האָט טאָלי אַוועקגעוואַנדערט קיין ניי־זעלאַנד און קיין אויסטראַליען. ער האָט זיך אָבער דאָרטן ניט לאַנג פאַרזאַמט און צוריקגעקומען קיין ריאָ־דע־זשאַנעיראָ. אַן אויסגעברוינטער פון דער ברענענדיקער זון האָט ער דאָרטן, אין ריאָר האַפן, מיט זיינע שטאַרקע מוסקלדיקע הענט און מיט זיין אייזן־פעסטן רוקן אַ צייט לאַנג געלאָדן שיפן, ביז עס האָט אים דערעסן דאָס אַרבעטן בלויז פאַר טרוקן ברויט.

אַן אַכצן־יעריקער האָט ער דעמאָלט זיך אַרויפגעגנבעט אויף דער שיף „סטיל אינוועגטאַר" און זיך אַוועקגעלאָזט קיין ניו יאָרק.

— דער וועג צום גאָלדענעם לאַנד איז אויך אַ שווערער, — האָט טאָלי נאָך געדענקט די שיינע מעשות, וואָס ער האָט אַמאָל, אין פאַרשנייטע ווינטערנעכט, געהערט. אין יענער צייט איז דאָס לאַנד אַמעריקע שוין געווען פאַרמאַכט אויף שלאָס און ריגל. טויזנטער און טויזנטער מענטשן האָבן דעמאָלט געקלאַפּט אין די פאַרשלאָסענע טויערן, אָבער אַריינגעלאָזט האָט מען בלויז איינציקע. און ווייל דאָס לאַנד איז געווען פאַרמאַכט האָט עס יעדן איינעם געצויגן אַהין. אַפילו שיפּהאַזן, וואָס האָבן שטענדיק אַרומגעוואַנדערט אָן אַ ציל, האָבן מיטאַמאָל זיך גענומען ציען צו די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע.

אין דער טיפעניש פון דער „סטיל אינוועגטאַר" האָבן זיך צונויפּ־געקליבן זעכצן בלינדע פּאַסאַזשירן. די מייסטע פון זיי זענען געווען יונגע בראַזיליער, וואָס זענען געפאָרן זוכן אַרבעט און פרייהייט. אין זייער אייגענעם לאַנד זענען זיי געווען פאַרשקלאַפט און ניט געהאַט קיין ברויט צו דער זאַט. עס זענען אָבער צווישן זיי אויך געווען, צוויי

דייטשן, איין רוס, איין כינעזער, איין איטאַליענער און דער איינער איד טאַלי.

אין די ערשטע טעג איז די פאַרשוינען גוט געווען אויפן דנאָ פון שיף. זיי האָבן געהאַט פון אַלעם גוטן צו עסן און צו טרינקען, נאָר וואָס דאָס ליכט פון טאָג האָט זיי געפעלט.

ערשט נאָכדעם ווי זיי זענען אָפּגעפאָרן אַ צען טעג אויפן וואַסער, האָבן אָנגעהויבן קומען צו זיי הונגעריקע גרויסע שטשורעס. צוערשט האָבן זיי זיך דאָרטן געוויזן באַטאָג ווען די שיפהאַזן האָבן אַלע גערוט אין זייערע ווינקעלעך. זיי זענען געקומען מיט שטילע טריט, מיט גנבישע אייגלעך, זיך אַרומגעקוקט און פון דאָרטן אַוועקגעשלעפּט דאָס לעצטע שטיקל ברויט. ווייזט אויס אַז זיי האָבן אויף דער שיף ניט געקענט געפינען קיין עסן, האָבן זיי אָנגעהויבן קומען צו אָפט.

אין איין נאַכט ווען עטלעכע פון די בלינדע פּאַסאַזשירן האָבן געבראַכט פרישן קעז פון קיך, איז צו זייער באַהעלטעניש אָנגעקומען אַ גאַנצע מחנה שטשורעס. צוויי פון זיי, גרויסע און בייכיקע, זענען, ווי פריער, געלאָפן פאָרויס. האָבן די צוויי זיך אָפּגעשטעלט האָרכן, איז די גאַנצע מחנה געבליבן שטיין און זיך איינגעהערט. האָט ווער פון די צוויי אַרויסגעלאָזט אַ בייזן פישטש האָבן אַ סך פון דער מחנה אָפּגעענטפערט מיט זייערע שטשורישע קולות.

די צוויי זענען דרייסט צוגעקומען צו די פּאַסאַזשירן, וואָס זענען דעמאָלט געזעסן אויפן דיל און באַם שיין פון אַ ליכט געגעסן. אומדערשראָקענע האָבן די שטשורעס געקוקט די פאַרשוינען אין די אויגן אַריין און אַלעמען באַטראַכט. איינער פון פּאַסאַזשירן האָט געגעבן אַ טופּע מיטן פוס. דאָס איז געווען פאַר די שטשורעס ווי אַ סיגנאַל. ווי הונגעריקע וועלף זענען איצט, אַלע שטשורעס באַפאַלן די מענטשן און געריסן דעם קעז פון זייערע הענט. די בראַזיליאַנער האָבן אָנגעצונדן די עטלעכע וואַקסענע ליכט, וואָס זיי האָבן געהאַט מיט זיך און פאַרפירט מיט די חיות אַ מלחמה אויף לעבן און טויט. איניקע האָבן געקעמפט מיט מעסערס, אַנדערע מיט די הוילע הענט. זיי האָבן די צוויל־דעוועטע באַשעפענישן געשטאָכן, זיי געוואָרגן און זיי געוואָרפן צו

דער וואַנט. די שטשורעס האָבן אָבער אַזוי גיך ניט אָפּגעטראָטן פון דעם שלאַכטפעלד, נאָר אומדערשראָקענע געשפּרונגען די פּאַסאַזשירן אין די פּנימער און געביסן און געריסן. טאָלין און נאָך עטלעכע האָבן זיי צעביסן די הענט, איינעם האָבן זיי שטאַרק צעביסן די נאָז און איינעם האָבן זיי אָפּגעביסן אַ שטיק אויער. ערשט ווען זיי האָבן פאַרכאַפּט דעם גאַנצן קעז, און ווען אַ צוואַנציק פון זיי זענען שוין געווען טויט, זענען זיי אַנטלאָפן געוואָרן.



# אין אייביקן שלאָף

די שיף „סטיל אינווענטאָר" האָט זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צו די אַמעריקאַנער ברעגן. אין דעם טאָג, ווען עס האָבן זיך געהערט די ערשטע סיגנאַלן, וואָס האָבן אָנגעזאָגט לאַנד, זענען די זעכצן פּאַרשוין געווען פריילעך און רעדעוודיק. דער פּלאַן ווי אַזוי אַראָפּצוגיין פון שיף איז שוין געווען אויסגעאַרבעט. זיי זענען אַלע געווען זיכער, אַז עס וועט זיי געלונגען צו לאַנדן. פאַררוקטע אין זייערע פאַרבאָרגענע ווינקעלעך זענען זיי געזעסן און גערעדט און גערעדט וועגן דער גרויסער שטאָט ניו יאָרק און וועגן דעם רייכן און וואונדערלעכן לאַנד אַמעריקע. קיינער פון זיי האָט דאָס לאַנד נאָך ניט געזען. אָבער זיי האָבן שוין אַזויפיל זיך געהאַט אָנגעהערט וועגן דער פרייהייט-סטאַטוע, וועגן די ריזן-מויערן און וועגן די אוצרות פון דער רייכער ערד. זיי האָבן אַזוי לאַנג גערעדט ביז זיי זענען איינציקווייז, מיט שמייכלענדיקע פריילעכע פּנימער איינגעשלאָפן.

פון יענעם גוטן שלאָף האָבן עטלעכע שוין קיינמאָל זיך ניט אויפגעכאַפּט. איידער די שיף איז אַריין אין האַפן האָט מען זייערע קעלערן אָנגעפילט מיט שאַרפע גאַזן. מיט די גאַזן האָט מען אָפּגעסמט אַלע פליגעלעך, מייז און שטשורעס, זיי זאָלן ניט פאַרשלעפּן קיין אַמעריקע די באַצילן פון געלן פיבער. אָבער מיט די אַלע באַשעפענישן זענען אויך פאַרגאַזט געוואָרן די זעכצן שיפהאַזן. עטלעכע פון זיי האָבן באַצייטנס דערשמעקט דעם גאַז און זיך געלאָזט לויפן צו אַן אַרויסגאַנג. די פאַרסמטע לופט איז שוין אָבער געווען אין זייערע קעפּ און אין זייערע לונגען און זיי אַראָפּגעשלעפּט צו דער ערד.

אויף דער שיף האָט מען געטומלט און געליאַרעמט. מען האָט געצויגן און געוויקלט גראָבע שטריק און זיך געגרייט אויסצולאָדן די

סחורה. דער קאַפּיטאַן איז געשטאַנען אין דער הויך און דערפירט די שיף צום ברעג. ער האָט פון צייט צו צייט אַריבערגעקוקט צו די הויכע מויערן פון ניו יאָרק. זיי זענען, ווי פון די וואָלקנס פאַר זייערע אויגן, אַרויסגעשוואומען און זיך געצויגן אַראָפּ, אַראָפּ צו דער ערד צו.

די מאַטראָזן האָבן געוואַשן די שיף, געגלאַנצט און געפּוצט זייערע קנעפּ און זייערע שיך און זיך פריילעך צוגעזונגען:

מאַטראָזן האָבן מיידלעך,
מיידלעך בײַ אַלע ברעגן.

ווי נאָר די שיף האָט געאַנקערט האָט זיך פאַרשפּרייט אַ נייעס אויף די אויבערשטע דעקן. — מען האָט געפונען טויטע מענטשן אויפן דנאָ פון דער שיף.

די נייעס איז באַלד דערגאַנגען צום קאַפּיטאַן און ער איז אַראָפּ־געקומען פון זיין הויך. אויפן דעק, אַנטקעגן דער זון, זיינען געלעגן אויסגעצויגן זעכצן יונגען, מיט פאַרשמירטע פאַרקרימטע פּנימער און מיט יונגע שטעכיקע בערד. די מאַטראָזן האָבן זיי געראַטעוועט מיט אַלערליי מיטלען פון דער שיפס מעדיצין־קאַסטן. דער קאַפּיטאַן האָט זיי אַלעמען באַטראַכט, זיי געקוקט אונטער די אויגנדעקלעך און דער־נאָך געבליבן שטיין איבער זיי אַ וויגנדיקער. די פיס צעשפּרייט און די הענט פאַרלייגט פון הינטן.

— יעפּ, סטאָאַוועיס, — האָט ער זיך אָנגערופן צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ, און גלייך האָט ער אין באַפעלערישן טאָן צוגעגעבן: — ברענגען דאָקטוירים פון האַפן. די טויטע אַרונטערנעמען, און די וואָס וועלן צו זיך קומען, שמידן אין קייטן. — ער האָט זיך דאָס אָפּגעזאָגט און מיט פעסטן טראָט אוועק.

די מאַטראָזן וואָס האָבן מיט לייב און לעבן געאַרבעט איבער די בלינדע פּאַסאַזשירן האָבן בייזע אים נאָכגעקוקט און זיך דורכגערעדט.

— זעכצן לעבנס און בײַ אים איז עס גאָרניט.

— ער איז נאָך צופרידן, וואָס מען האָט זיי דערשטיקט.

— אַ שאָד וואָס מען האָט זיי ניט געכאַפּט לעבעדיקערהייט אין האָפן.

— טאַקע אַ שאָד. וואָלט ער שוין באַצאָלט צו טויזנט דאָלאַר פאַר אַ קאָפּ.

פון צוועלף שיפהאַזן האָט מען אויסגעפּאַמפּעט דעם גאַז און מען האָט זיי אָפּגעמינטערט. צוויי האָט מען געמוזט אוועקפירן אין אַ שפּיטאָל אַריין און צוויי זענען שוין געווען טויט.

— איך זע די פרייהייט־סטאַטוע. איך זע ניו יאָרק, די גרעסטע שטאָט אין דער וועלט.

דאָס לאַנד איז רייך, זייער רייך, אייזן, קופּער, גאָלד, אייל —, האָבן צוויי פון די פאַרחלשטע, ליגנדיק אויפן דעק, נאָך מיט פאַר־מאַכטע אויגן אַזוי צו זיך אַליין גערעדט.

איינציקווייז זענען זיי צו זיך געקומען און איינציקווייז האָט מען זיי אָנגעטון קייטן אויף די הענט און זיי דערנאָך איבערגעזעצט אויף שיפן, וואָס זענען געגאַנגען אין זייערע היימלענדער.

נאָר איין איטאַליענער האָט זיך אַרויסגעדרייט פון צוריקגעשיקט צו ווערן, און דער קאַפּיטאַן האָט געמוזט באַצאָלן טויזנט דאָלער פאַר ברענגען אים אויף זיין שיף קיין ניו יאָרק.

דער איטאַליענער איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן דעק מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן און אַלע אַרום האָבן געמיינט אַז ער איז נאָך פאַרחלשט. פלוצלינג האָט ער, ווי אַ פויגל, זיך אַ ריס געטון פונם אָרט און פלינק אַראָפּגעשפּרונגען פון דעק, גלייך אין וואַסער אַריין. די ברעגהיטער האָבן אים באַלד פאַרלוירן פונם אויג. דער איטאַ־ליענער, וואָס האָט נאָך אויפן וועג זיך באַרימט מיט זיין שווימען, האָט נאָר איינמאָל אַרויסגעשטעקט פון וואַסער זיין קיילעכדיק שוואַרץ קעפּל. ער האָט נאָר איינמאָל אויפגעהויבן זיינע אויגן צו דער פרייהייט־סטאַטוע און דערנאָך ווי אַ ים־חיה זיך אוועקגעלאָזט שווימען אונטערן וואַסער.

## צוריק צום הימלאַנד

טאָלי איז געווען צווישן די אָפּגעראַטעוועטע. ער איז גיך צו זיך געקומען. ווי אַן אויפגעוואַכטער פון אַ שווערן שלאָף האָט ער מיט אויפגעריסענע אויגן געקוקט אויף די הויכע מויערן פון ניו יאָרק. מען האָט אים באַלד אַנגעטון קײטלעך אויף די הענט און אין עטלעכע טעג אַרום אים איבערגעזעצט אויף אַן אַלטער פראַכט-שיף.

די פראַכט-שיף האָט טאָלין געפירט צוריק צו זיין הײמלאַנד. די שיף איז נאָר אָפּגעשוואומען פון ברעג האָט מען אים אויסגעטון די קײטלעך און אים אַוועקגעשטעלט פאַרבן די אײזערנע טירן און הוקס פון די קאַמערן. די ניו יאָרקער טורעמדיקע געביידעס זענען געבליבן ערגיץ ווי פון יענער זייט הימל און טאָלי האָט זיך אַנגעהויבן פאַרטראַכטן וועגן זיין אַמאָליקער הײם;

— מען פירט אים צוריק צום דאָרף. ער וועט זען טאַבין אַן אויס-געוואַקסענע, אַ גרויסע. ער וועט ווידער זיין אין טאָל.

די געדאַנקען האָבן אים אינגאַנצן פאַרכאַפּט פאַר זיך. אַ ליבע וואַרימקייט האָט אַנגערירט זיין האַרץ. ער האָט אויף זיינע וואַנדע-רונגען ניט אײנמאָל געטראַכט וועגן זיין אַמאָליקער הײם און וועגן טאַבין. אָבער אַזאַ וואונדערלעך געפיל און אַזאַ לויטערע בענקשאַפט האָט ער זעלטן ווען איבערגעלעבט. אין זיין פאַרטראַכטקייט האָט ער פאַר זיך געזען טאַבין אין דעם געשטאַלט פון אַמאָל, ווען ער האָט זיך מיט איר אַרומגעשפּילט אין טאָל צווישן די מילך-בלומען.

צוואַנציק טעג און צוואַנציק נעכט האָט זיך די אַלטע פראַכט-שיף געשלעפּט אויף די וואַסערן און ענדלעך אָנגעקומען קיין דאַנציג. באַם לאַנדן אין דאַנציגער האַפן האָבן די מאַטראָזן געוואָלט טאָלין

העלפן אַנטלויפן פון זיינע היטער, ער האָט האָט אָבער אַפילו ניט געוואָלט הערן וועגן דעם.

ווידער זיין אין טאָל. ווידער זען טאָבין, — האָט אַ וואַרימע בענקשאַפט געדעדט צו זיין האַרץ.

אַ הויכער מאַן, אָנגעטון אין שוואַרצן, מיט אַ גרויסן רעוואָלווער אין קעשענע האָט טאָלין אַראָפּגענומען פון דער שיף און אים אָוועקגעפירט מיט דער באַן. פון דער באַן האָט אים אַראָפּגענומען אַן אַנדערער היטער און אים געפירט מיט פערד און וואָגן און אויך צופוס ביז צום געמיינדע־הויז פון דאָרף. דאָרטן אין דעם דאָרף־הויז האָט דער עלטסטער פון אַלע פויערים אויפגעמאַכט אַ שווער גרויס בוך און געוויזן דעם היטער, וואו עס שטייט פינקטלעך פאַרשריבן, אַז טאָלי איז געבוירן געוואָרן אין טאָל.

אין אַ זונטיק בייטאָג האָט מען טאָלין אַראָפּגעבראַכט אין דאָרף אַריין. נאָך פון דערווייטנס האָבן זיך פאַר זיינע אויגן אַ שפּרייט געטון די היימישע פעלדער און דער טאָל. עס איז געווען אין שפּעטן האַרבסט. פון די נאַקעטע פעלדער און פון דעם ברוינלעכן טאָל האָבן צו טאָלין אַרויסגעקוקט די שאָטנס פון מלחמה און טויט. שטיקער פעלדער זענען געווען ווי פאַרזייט מיט קליינע ווייסע ברעטלעך אויף קברים פון געפאַלענע סאָלדאַטן. פון טאָל האָבן זיך נאָך אָנגעזען די זיגזאַגן פון די שוצגריבער, וואָס זיינען ניט גוט צוגעדעקט געוואָרן. וואָס נענטער טאָלי איז צוגעקומען צום דאָרף אַלץ שטאַרקער האָט זיין האַרץ גענומען קלאַפּן.

— דערקענסטו דיין היים? — האָט דער באַגלייטער אים געפרעגט.

— אָט, דאָרטן, הינטער יענעם באַרג איז געשטאַנען מיין שטוב.

— האָט טאָלי מיט אַ פינגער געוויזן אין טאָל אַריין און ווי אַ קליין קינד אַרויסגעשאָסן אין אַ געוויין.

איינציגווייז האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן די קליינע שטיבלעך מיט די שטרויענע דעכער. באַם אַריינגיין אין דאָרף אַריין איז דער ערשטער

טאַלין אַנטקעגן געקומען אַ פויער מיט אַ קוליע אנשטאט אַ פוס. טאַלי האָט אים באַלד דערקענט און מיט אים אָנגעהויבן רעדן:

— וואָס־זשע מאַכסטו אַנדרעי? און וואָס הערט זיך אין דאָרף?

דער פויער האָט זיך אָפּגעשטעלט, און אַ פאַרוואונדערטער גע־קוקט אויף טאַלין, וואָס איז געווען אָנגעטון אין אַ פּאָר אַמעריקאַנער גאַלעשיך מיט הויכע בעזשער און אין אַ בלויען מאַטראָזן־ראָק. ער האָט באַטראַכט דעם צווייטן מענטשן מיטן רעוואָלווער אין קעשענע און זיך גענומען קראַצן אין קאָפּ, גלייך ווי ער וואָלט זיך עפּעס וועלן דערמאָנען.

— האָסט מיך ניט דערקענט, אַנדרעי? איך בין טאַלי פון טאַל. געדענקסט מיין טאַטן? געדענקסט אונדזער שטוב הינטערן באַרג?

דער פויער איז געוואָרן אויסער זיך. ער האָט אַ פּויק געטון מיטן שטעקן אויף דער ערד און אַריינגעקוקט טאַלין אין פּנים אַריין.

טאַלי פון טאַל? זאָל מיך אַ דונער טרעפן. ניט אַנדערש נאָר דו קומסט איצט פון יענער וועלט. אַלע אין דאָרף ווייסן דאָך, אַז דו ביסט דערהאַרגעט געוואָרן הינטער לעמבערג, ווען דו ביסט אַראָפּ־געשפּרונגען פון אַ לויפנדיקער באַן.

אַ הינקענדיקער האָט ער דערנאָך באַגלייט טאַלין ביז צום געמיינדע־הויז און אים דערציילט וויאַזוי דער אַלטער קייזער פראַנץ יאָזעף האָט אים אין מלחמה־צייט פאַרשיקט ערגיץ אין איטאַליען און דאָרטן האָט מען אים אָפּגעשאָסן אַ פוס.

— און מיין יאַנקאָ, און מיינע צוויי טאָפּאָליע־ביימער פאַר מיין שטוב וועסטו גאָרניט דערקענען אַזוי אויסגעוואַקסן זענען זיי. — האָט אַנדרעי זיך צעוואַרעמט און געהאַלטן אין איין דערציילן. — און אַ קאָפּ האָט עס מיין יאַנקאָ, אַ קליגערן פון זיין טאַטן. אינגאַנצן איז ער צוועלף יאָר אַלט, אָבער רעדן רעדט ער ווי אַ גרויסער. איך זיץ אַזוי און שניץ מיר אַ נייע קוליע אויף יום טוב, טאַקע פון מיינעם אַן אייגענעם בוים, קומט ער צו, קוקט מיר אין די הענט אַריין און זאָגט צו מיר אַזוי: — טאַטע, איך וועל אין מלחמה ניט גיין, זאָלן

מיך רופן אַפילו צען קייסערס וועל איך ניט גיין. — אַזעלכע רייד רעדט ער.

טאַלי האָט זיך געוואָלט נאָכפרעגן אויף טאָבין, אויף זיין אַלטער מומע און אויף נאָך נייעס פון דאָרף, האָבן אָבער די רייד פון פויער בא אים אויפגערירט אַ שטאַרקע וואונד. ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין טאַטן, וואָס איז געפאַלן אויפן שלאַכטפעלד.

— טאַלי פון טאָל איז צוריקגעקומען, — האָט דער פויער אַריינגעשריגן אין אַן אָפענער טיר פון אַ שטוב.

— טאַלי איז דאָ.

— טאַלי לעבט.

— טאַלי איז אַהיימגעקומען.

די נייעס האָט זיך גיך געטראָגן פון שטוב צו שטוב און זיך פאַרשפרייט איבערן גאַנצן דאָרף.

די דאָרפסמענטשן זענען אין דעם רו-טאָג געווען אין דער היים און אַלע זענען געקומען צולויפן צום געמיינדע-הויז אָנקוקן טאַלין. זיי האָבן אים אַרומגערינגלט און פאַר אים באַלד אויסדערציילט אַלע נייעס.

— דאָס פעלד דיינס האָט מען פאַרקויפט אויף אַ ליציטאַציע, ווייל מען האָט באַדאַרפט באַצאָלן די שטייערן.

— און די מומע דיינע איז געווען אַלט, זייער אַלט, איז זי געשטאָרבן.

— טאָבי, דעם וואַלדהיטערס איז דאָך צוריקגעקומען.

— זי ניט אַריינגעלאָזט קיין אַמעריקע.

— און די אידן פון דאָרף זענען זיך אַלע צעפאָרן.

— און אַז דער אַלטער קייזער איז שוין טויט ווייסטו דאָך.

— און אַז אונדזער לאַנד האָט פוילן צוגענומען ווייסטו דאָך.

ווי אַ יונגער הירש איז טאָבי, אַ שלאַנקע, אַ באָרוויסע, אויך געקומען צולויפן צו דער געמיינדע.

— טאַלי! — האָט זי אויסגעשריגן. זי האָט זיך דורכגעשטופט

צווישן רעדל מענטשן און געבליבן שטיין פאר טאַלין מיט דערזעלבער קינדערישער שעמעוודיקייט פון אַמאָל.

טאַלי האָט אַ קוק געטון אויף דעם הויכן און שיינעם מיידל מיט דעם אינגליש געשווירענעם קאָפּ און זי באַלד דערקענט.

— טאָבי - — האָט ער זי אָנגערופן באַם נאָמען. — עס איז דאָך טאָבי. — ער איז איר געלאָפן אַנטקעגן און נאָענט לעבן איר געבליבן שטיין מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, פונקט ווי דעמאָלט ווען ער פלעג זי באַגעגענען אויפן וואַלד-וועג נאָך אַ לאַנגן ווינטער, וואָס ער האָט זי ניט געהאַט געזען.

— איך האָב דיך אָבער באַלד דערקענט, — האָט טאָבי די ערשטע אָנגעהויבן רעדן און רויט געוואָרן איבער די אויערן.

— איך דיך אויך, — האָט טאַלי געענטפערט און איר געקוקט גלייך אין פנים אַריין.



## צוויי פרעמדע פייגל

מיט טאָלים אָנקומען אין דאָרף אריין איז טאָבי ווי איבערגעביטן געוואָרן. עס האָט זיך צו איר אומגעקערט דאָס פריילעכע געזאַנג און דאָס קלינגענדיקע געלעכטער פון אַמאָל. עס האָבן אָנגעהויבן לויפן טעג און וואָכן, גיך און זי האָט אפילו פאַרגעסן צו ציילן.

די פריינטשאַפט צווישן טאָלין און טאָבין איז ווידער באַנייט געוואָרן. זיי האָבן, ווי אַמאָל, זיך אָנגעהויבן ארומפירן. מיט קינדישן גלאַנץ אין זייערע אויגן האָבן זיי גערעדט פון דער צייט, ווען זיי זענען געווען קליין און זאָרגלאָזע זיך ארומגעשפּילט אין טאָל. זיי האָבן דערציילט פון זייערע וואַנדערונגען און פון די יאָרן, וואָס זיי האָבן זיך ניט געזען.

אין די קילע האַרבסטיקע פאַרנאַכטן האָט די לופט אין דאָרף געשמעקט מיט צייטיקע עפּל און באַרן, מיט פרישן ברויט און מיט אָנגעזאַמלטן האָניק. די לופט האָט אָנגעטריבן אַ פוילקייט אין די ביינער פון די דאָרפסמענטשן און זיי ווי געשלעפּט צו ווינטער-רו, צו שלאָף. טאָלין און טאָבין האָט אָבער אין די פאַרנאַכטן געצויגן צום אָפענעם דרויסן. זיי זענען ניט איינמאָל מיט דער צוגעפאַלענער טונקלקייט ארויס פון דאָרף און זיך פאַרגאַנגען אין פעלד אריין. ווי צוויי פרעמדע וואַנדער-פייגל, מיט אָפּגעשוואַכטע פליגל, וואָס האָבן פאַרלוירן זייער וועג, פלעגן זיי זיך דאָרטן וואו צוזעצן אויף אַ שטיין, ביז אין געדיכטער פינצטערניש פלעגן זיי שטום אריבערקוקן צום טאָל, וואָס איז דעם גאַנצן האַרבסט געשטאַנען אַ פאַרטרונקענער פון די רעגנס.

— האַלטן זיך אינאיינעם ווי ברודער און שוועסטער.

— די צוויי וועלן שוין אוודאי חתונה האָבן, — האָבן די דאָרפס־

מענטשן צווישן זיך גערעדט, ווען זיי האָבן באַגעגנט טאָלין און טאָבין צוזאמען.

טאָלי האָט, ווי אויף דערווייל, זיך געשטעלט דינען באם רייכסטן מענטש פון דאָרף, באם גלח, און שוין דאָרט געבליבן אַרבעטן דעם גאנצן ווינטער. באלד נאָך זיין אָנקומען האָט זיך אין דאָרף געשטעלט אַ ווינטער מיט טיפע שנייען און שטאַרקע פרעסט. די שנייען און די פרעסט האָבן אָבער ניט פאַרשטעלט טאָלין דעם וועג צו טאָבין, ווי אַמאָל, אין טאַל. אין די אָוונטן פון יענעם ווינטער זענען אַלט און יונג זיך צונויפגעקומען אין דעם הויז, וואו טאָבי האָט זיך אויפגע־האַלטן, און טאָלי האָט נאַכט נאָך נאַכט זיי דערציילט פון דער גרויסער און ווייטער וועלט.

ער האָט דערציילט פון גרויסע שטעט מיט הויכע מויערן, פון ווילדע וועלדער און פון זאַמדיקן מדבר. ער האָט דערציילט פון לענדער וואו קליינע קינדער פירן אַרום גרויסע העלפאַנטן, פון לענדער וואו מענטשן גייען ווי פערד געשפאַנט אין וואָגן, און פון לענדער וואו מען האַלט אין צונעמען די ערד בא די רייכע און מען צעטיילט זי צווישן אַלעמען אויף גלייכע טיילן.

יונג און אַלט, אַפילו די וואָס זענען געווען אין דער מלחמה, זענען געזעסן מיט אָפענע מיילער און זיך צוגעהערט.

— יאָ, יאָ, עס וועט זיין דעם אָרימאַנס וועלט. איר וועט שוין זען.

— און ניט דעם גראַפס און ניט דעם פריצ׳ס, — האָבן די איינ־גערע אונטערגעכאַפּט טאָלים רייד.

— וואונדער איבער וואונדער.

— אָט דאָס הייסט זיך אָנגעזען אַ וועלט, — האָבן די עלטערע געפינטלט מיט די אויגן און געשאָקלט מיט די קעפּ.

אין די אָוונטן האָבן טאָבים באַקן געבליט מיט דער רויטקייט פון רייפע ווינשל. אַרום האַרצן איז איר געווען גוט און היימלעך. אַלעמאָל האָט זי פון דער זייט אַ קוק געטון אויף דעם שטאַרקן ברייט־ביינערדיקן טאָלי. אַלעמאָל האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז דאָס איז גאָר דער קליינער טאָלי און ער דערציילט דאָס איצט איבער די

מעשות פון דעם פרעמדן וואַנדערער. עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז דאָס איז דער קליינער העלד פון טאָל, וואָס האָט זי באַפרייט פון די ציגיינער און זי אַהיימגעפירט אויף זיין פערד.

ווי אַ זילבער־ווייסער וואָלקן איז יענער פאַרשנייטער ווינטער פאַר טאָלין און טאַבין שטיל און גיך דורכגעלאָפן.



# אין פרילינג

עס איז אָנגעקומען דער פרילינג. אין דרויסן איז געוואָרן ליכטיק און וואַרים. די שנייען האָבן זיך צעלאָזט און אַוועק מיט די וואַסערן. די פעלדער האָבן אָנגעהויבן אַרויסשלאָגן מיט יונגן ברויט און ווי טעפּיכער זיך אויסגעשפּרייט אין אַלערליי פרילינג-קאָלירן.

טאָלי האָט אין די יונגע פרילינג-טעג דערפילט ווי אַ יונגער פויגל באַ וועמען עס זענען שוין אָנגעוואַקסן פעדערן אויף די פליגל. עס האָט אים געטריבן פון דעם גלח'ס שטאָלן, וואו ער האָט אָפּגע-אַרבעט אַ ווינטער. עס האָט אים גערופן דער ליכטיקער דרויסן.

איינמאָל אין אַ זוניקן רו-טאָג איז ער געקומען צוגיין צו טאָבין און אַריינגעשריגן אין דער אָפענער טיר.

— טאָבי, די פעלדער זענען שוין טרוקן, קום, וועלן מיר היינט גיין אין טאָל אַריין.

— גוט, — האָט טאָבי אַ דערפרייטע אָפּגעענטפערט און באַלד אַרויסגעקומען פון שטוב.

ביידע אויסגעפּוצטע אין אַמעריקאַנער פאַרביקע סוועטערס, זייערע אינגליש-געשוירענע קעפּ האָר פאַרקעמט אויף אַרויף, האָבן זיי זיך דורכגעשניטן אַ וועג צום טאָל, צווישן די גערטנער מיט וויים-צע-בליטע פרוכט-ביימער. זיי האָבן זיך אָנגענומען פאַר די הענט און מיט דערזעלביקער פרייד פון אַמאָל, געלאָפן, געשטיפט און געלאַכט דעם גאַנצן וועג. ווען זיי זענען אָבער אָנגעקומען אין טאָל אַריין האָט אַן ערנסטקייט זיך געלייגט אויף זייערע פּנימער. עפּעס ווי אַ דינער שלייער האָט צוגעדעקט זייער פרייד.

אַ טרויעריקע שטילקייט איז געווען ווי אויסגעשפּרייט איבערן גאַנצן טאָל. די שוצגריבער זענען דאָרט נאָך ניט געווען צוגעדעקט.

גלייך ווי זיי וואָלטן געוואַרט אויף נאָך אַ מלחמה. עס האָבן זיך דאָרטן נאָך אַלץ אַרומגעוואַלגערט לײדיקע קוילן־הילזן, העלטלעך פון גראַנאַטן און פאַרזשאַווערטע שטעכיקע דראָטן. די גאָלדענע דעק פון מילכבלומען איז דאָרטן מער ניט געווען. ווי פאַרבלאַנדזשעטע, האָבן בלויז געציילטע בלומען אַרויסגעשטעלט זייערע געלע קעפּלעך און אויסגעזען ווי מעשענע קנעפּ אויף אַ גרינעם זעלנערישן מאַנטל.

דאָס פּלאַץ וואו טאַלים שטוב איז געשטאַנען האָבן זיי דערקענט אָן דעם ביסל קוילן־שטויב, וואָס האָט זיך דאָרטן געשוואַרצט. דאָס אָרט, וואו עס איז אַמאָל געווען דער וואַלד, האָט אויסגעזען ווי אַ פאַרוואונדעטער לייב, וואָס גייט אָפּ אין בלוט. אַ סך אונטערגע־האַקטע קורצע שטאַמען האָבן נאָך געלעבט מיט זייערע וואָרצלען אין דער טיפער ערד און דער קוועלנדיקער בוימער־זאַפט, וואָס האָט זיך געדאַרפט צעפליסן אין די צווייגן האָט זיך ווי בלוט צעגאָסן אויף דער ערד. דאָס פּלאַץ וואו טאַבי האָט געוואוינט האָבן זיי ניט געקענט געפינען.

זיי זענען אַרומגעקראָכן צווישן די קליינע היילן און פעלזן. טאַלי האָט אַריינגעקוקט אין אַלע שפּאַרעס און לעכער וואו ער האָט אַמאָל געהאַט זיינע נעסטן. זיי זענען אַלע געווען פּוסט.

— מיינע פייגל זענען אַוועק פון דאַנען אין מלחמה־צייט און זיך שוין קיינמאָל אַהער ניט אומגעקערט, — האָט ער אַ טרויעריקער זיך אָפּגערופן.

— זיך וואו אַנדערש באַזעצט, — האָט אים טאַבי אויסגערעדט.

אָנגענומענע פאַר די הענט זענען זיי אין שווייגן זיך פאַרגאַנגען צו די פעלדער, וואָס זענען אַמאָל געווען טאַלים. זיי זענען שוין פון יאָרן אָן ניט געווען צעאַקערט און עס זענען דאָרטן געוואַקסן ווילדע הויכע שטעכערס.

— פאַרזייעט האָט מען דאָ מענטשן און עס וואַקסט גאָר ווילד־גראָז, — האָט טאַלי געקוקט אויף די וויסטע פעלדער. פאַר זיינע אויגן זענען גיך דורכגעלאָפן אָפּגעריסענע בילדער פון זיין הויזגעזינט

און פון דעם ווייץ און קאָרן, וואָס האָט דאָ אַמאָל געראַשט מיט גאָלדענע זאַנגען.

פונם פעלד זענען זיי אַוועק צום וואַסער און זיך דאָרטן צוגע־זעצט. אינם וואַסער האָבן זיך געשפּיגלט זייערע פּנימער צוזאַמען מיט דער ליכטיקער זון. ביידע האָבן פאַרטראַכטע געקוקט אויף דעם שמאָלן וואַסערל און אויף זייערע אינגלשע קעפּ, וואָס האָבן זיך דאָרטן קלאָר אָפּגעשפּיגלט. עס איז זיי גוט געווען צו זיצן איינס לעבן ס'אַנדערע. טאָבין האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס איז ניט מער ווי אַזאַ וואונדערלעכער חלום, ווייל ניט איינמאָל האָט זיך איר געחלומט, אַז זי איז מיט טאָלין אין טאָל.

— טאָלי, געדענקסט ווען מיר פלעגן אָנלאָדן שיפן מיט געלע מילכבלומען און זיי געשיקט מיטן וואַסער אין ווייטע לענדער? — האָט טאָבי די ערשטע איבערגעריסן די שטילקייט.

— איך געדענק טאָבי, און שפּעטער זענען מיר אַליין אַוועק אין יענע ווייטע לענדער, — האָט טאָלי געענטפערט.

צוויי יונגע ביבערס האָבן זיך פּלוצלינג באַוויזן. זיי האָבן גע־בראַכט צושלעפּן צום וואַסער אַ גרויס שטיק ברעט און אַ שווערע צווייג פון אַ בוים. לעבן ברעג האָבן זיי מיט זייערע שאַרפע ציין צע־זעגט די גרויסע צווייג אויף קלענערע שטיקער און דערנאָך גענומען אַריבערשלעפּן דאָס געהילץ אויף דער אַנדערער זייט וואַסער. טאָלי און טאָבי האָבן מיט נייגעריקייט זיך צוגעקוקט צו דער פלינקער און פלייסיקער אַרבעט פון די ביבערס.

— זיי ציען זיך איבער אויף דער אַנדערער זייט וואַסער. זיי בויען זיך וואו אַ נייע היים, — האָט טאָלי גערעדט אין דער שטיל, די ביבערס זאָלן ניט דערהערן זיין קול.

— גאָר ווי מענטשן, — האָט טאָבי זיי באַוואונדערט.

— איך האָב אַמאָל, נאָך פאַר דער מלחמה, געזען ווי פעלד־מייז וואַנדערן איבער פון איין אָרט אויף אַן אַנדערן, — האָט טאָלי אָנגע־הויבן דערציילן. — עס איז דעמאָלט געווען שניט־צייט און אויף די פעלדער, פון יענער זייט באַרג, איז אין יענעם יאָר גאָרניט געוואַקסן.

עס איז דאָרטן געווען אַ טרוקעניש. אַ סך אויסגעהונגערטע פעלד־מייז זענען דעמאָלט אוועק פון די טרוקענע פעלדער און געקומען זיך באַזעצן אַרום טאָל. עטלעכע פרעמדע פאַרלעך זענען אָנגעקומען אויך צו אונדזערע פעטע פעלדער. אָבער די זאַטע פעלד־מייז, וואָס האָבן דאָרטן געוואוינט, זענען אַרויס פון זייערע לעכער און ניט געלאָזט די פרעמדע גראָבן זייערע אונטער־ערדישע וואוינונגען. זיי האָבן, ווי מענטשן, זיך אויפגעשטעלט אויף די הינטערשטע פיס און מיט בייזקייט געשלאָגן און געביסן די אויסגעהונגערטע פרעמדע מייז. די אָרימע פעלד־מייז פון יענער זייט באַרג, זענען דעמאָלט צע־בלוטיקטע קוים אַנטלאָפן מיטן לעבן. איך האָב דאָס אַלעס צוגעקוקט און דערנאָך מיט אַ גראָבאײַזן אוועק זיך אָפּרעכענען מיט די אָנגע־פרעסענע מייז. איך האָב צעגראָבן אַלע זייערע טיפע קאַמערן און פון דאָרטן אַרויסגענומען אַ האַלבן זאַק קאָרן און ווייץ, וואָס זיי האָבן אָנגעגנבעט באַ אונדז אין פעלד.

— פּונקט ווי די רייכע און זאַטע מענטשן, וואָס לאָזן ניט אַריין אין זייערע לענדער די אָרימע און די הונגעריקע פון דער פרעמד, — איז טאַבי שטאַרק טרויעריק געוואָרן.

די יונגע וואָרימע זון האָט אָנגעהויבן צונויפנעמען די העלע ליכטיקייט פון דעם וואונדערלעכן טאָג און זיך גענומען ציען צום באַרג ווי צו אַ מאַגנעט.

— טאַלי, געדענקסט ווען מיר פלעגן אין די פאַרנאַכטן קלעטערן אויף די שפּיציקע פעלזן פונם באַרג?

— איך געדענק. און דו טאַבי געדענקסט, ווען מיר האָבן איינמאָל אין אַ זומער זיך אויסגעבויט אַ שטיבל אין געדיכטן וואַלד?

— איך געדענק טאַלי. מיר האָבן עס געמאַכט קיילעכיק און עס האָט אויסגעזען ווי אַ גרויסע נעסט פון בושלען.

— און דו טאַבי געדענקסט ווען דו האָסט געזאָגט, אַז מיר וועלן ביידע חתונה האָבן?

— איך געדענק, — האָט טאַבי געענטפערט און דערפילט אַ ליבע וואָרימקייט אין פּנים. זי האָט איצט מער ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן.

אויך בא טאַלין האָבן זיך פאַרהאַקט די רייד. אָבער זייערע יונגע הערצער האָבן שוין גערעדט פאַר זיי און מיט אַ שטאַרקן קלאַפּן דערציילט, אַז זיי זענען שוין אויסגעוואַקסן, אַז טאַבי איז שלאַנק און שיין און אַז טאַלי איז גרויס און שטאַרק. זייערע הערצער האָבן דערציילט, אַז גלייך מיט זיי איז אויך אויסגעוואַקסן זייער קינדישע ליבע. שטומערהייט האָבן זיי צוגעבויגן זייערע קעפּ אײנס צו ס'אַנדערע און זיך געשפּיגלט אין די גליענדיקע שוואַרצאַפּלען פון זייערע אויגן. ווי פאַרלעך פייגל אין פרילינג האָבן זיי געטוליעט זייערע קעפּ און מיט וואַרימקייט און ליבשאַפט זיך אָנגערירט פּנים צו פּנים און ליפּן צו ליפּן.

— טאַלי.

— טאַבי, — האָבן זיי ווי אין חלום זיך אין דער שטיל גערופן ביים נאָמען.

— טאַלי, איאַ מיר וועלן שטענדיק זיין אינאײנעם?

— שטענדיק טאַבי. איך וועל דיך שוין קיינמאָל ניט איבערלאָזן.



# ביז אין בלאָען טאָג

דער טאָג האָט זיך אויסגעלאָשן און אין טאָל איז וואָס אַמאָל פינצטערער געוואָרן. ערשט שפּעט אין אָוונט, ווען אַ סך שטערן האָבן זיך אויסגעזעצט אויפן הימל, האָט אַ בלאַסקייט, ווי דינער זילבער־שטויב, זיך גענומען זיפּן פון אויבן אַראָפּ און זיך אויסגעשפּרייט איבערן שטילן טאָל.

מיט דער צוגעפאַלענער נאַכט האָבן טאָלי און טאָבי צעלייגט אַ פייער פון צונויפגעקליבענע טרוקענע צווייגן און זיך באַזעצט נאָענט לעבן פלאַם. זיי האָבן ווי פאַרגעסן אָן זייערע געלעגערס און אַפילו ניט געטראַכט וועגן גיין אַהיים. טאָבין האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס פייער וועט גאָר קיינמאָל ניט אויסגיין און זי וועט דאָ בלייבן מיט טאָלין שוין אויף שטענדיק. אָבער טאָלים געדאַנקען האָבן באַם פייער זיך גאָר אַנדערש אויסגעלייגט. ער האָט אַ שווייגנדיקער געקוקט אויף טאָבים פאַרחלומט שיין פּנים און מיטאַמאָל אַרויס מיט רייד.

— טאָבי, איך וועל זיך שוין מער ניט אומקערן אין דאָרף אַריין.

— און איך? — האָט טאָבי ווי פון שלאָף זיך אויפגעכאַפּט.

— דו אויך ניט. קום מיט מיר טאָבי. דו האָסט קיינעם ניט אין דאָרף און טאַטע מאַמע וועלן דיך אפשר שוין קיינמאָל ניט קענען אַריינברענגען אין דעם פאַרשלאָסענעם לאַנד אַריין.

— קיינעם ניט, — האָט טאָבי אַ טרויעריקע אין דער שטיל איבערגערעדט די ווערטער.

— מיר וועלן בלייבן דאָ אין טאָל ביז עס וועט ליכטיק ווערן און דערנאָך וועלן מיר אַוועק מיט דער באַן־ליניע. מיר וועלן זיך אַוועקלאָזן קיין אַמעריקע. מעגן די טויערן דאָרטן זיין ווי פאַרריגלט

וועלן מיר שוין אַהין אַריינקומען, דו וועסט זען. צוערשט וועלן מיר זיך צושלאָגן קיין ניו יאָרק צו דיין טאַטע מאַמע און דערנאָך. —

טאָלי האָט זיך אויף אַ ווײַלע פֿאַרטראַכט און באַלד ווידער אָנגעהויבן! — טאָבי, איך האָב געמיינט, אַז איך וועל שוין שטענדיק וואַנדערן, אָבער איצט איז מיין פּלאַן אַן אַנדערער. אַ מאַטראָז האָט מיר אַמאָל דערציילט, אַז אין דעם אַמעריקאַנער לאַנד טעקסעס איז דאָ אַ סך גוטע ערד, וואָס איז נאָך קיינמאָל ניט אָנגערירט געוואָרן פֿון קיין אַקער. אַהין, אין יענעם לאַנד אַריין וועלן מיר דערנאָך אַוועק. מיר וועלן דאָרטן זיך אויסקלייבן אַ שטיק ערד הינטער אַ באַרג, מיר וועלן אויסבויען אַ שטוב פֿון שטיין, פֿאַרפֿלאַנצן פֿרוכט־ביימער און שוין אויף שטענדיק זיך דאָרטן באַזעצן.

— איך וועל גיין מיט דיר, — איז טאָבי באַלד איינגעגאַנגען אויפֿן פּלאַן.

— געדענק אָבער — האָט טאָלי מיט וואַרימקייט גערעדט: — אונדזער וועג איז אַ שווערער. מיר וועלן אָפּטמאָל ניט דערעסן און אָפּטמאָל ניט דערשלאָפֿן און ניט איינמאָל וועלן מיר זיין אין שרעק און אין געפֿאַר. פֿאַרמאַך די אויגן טאָבי. — זי האָט אים געפֿאָלגט.

— אָט אַזוי פֿינצטער וועט אונדז זיין דער לאַנגער וועג איבערן ים.

— איך וועל זיך פֿאַר גאָרניט ניט אָפּשרעקן. דו וועסט זען. — האָט טאָבי אָפּגעענטפֿערט נאָך איידער זי האָט צוריק געעפֿנט די אויגן.

— און אויף נאָך איין זאַך וועסטו מוזן איינגיין. — טאָבי האָט מיט נייגעריקייט זיך צוגעהערט. — ווי נאָר מיר וועלן זיך אַרויסלאָזן אויפֿן וועג, וועסטו ווערן מיין אינגערער ברודער. דו וועסט דיך מוזן איבערטון פֿאַר אַ אינגל. פֿאַר אַ אינגל איז דער וואַנדער־וועג לייכטער ווי פֿאַר אַ מיידל.

— איך וועל טון אַלץ. אין דאָרף זאָגט מען טאַקע, אַז מיט מיין אָפּגעשווירענעם קאָפּ זע איך אויס ווי אַ אינגל.

דערנאָך האָט מען גענומען אויסרעכענען דאָס געלט, וואָס זיי האָבן מיט זיך געהאַט. טאָלים פֿאַרמעגן האָט אין אַמעריקאַנער געלט

באַטראָפֿן עלף דאָלער. און טאָבי האָט ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק געהאַט איינגענייט, אין זוים פון איר קלייד, צוויי פּאַפּירענע צען־דאָלער־שטיק, וואָס טאַטע מאַמע האָבן איר צוגעשיקט.

— מיט אַזויפיל געלט קענען מיר אַפילו דינגען אַן עראָפּלאַן קיין אַמעריקע — האָט טאָלי געשפּאַסט.

ביז אין דער שפּעטער נאַכט האָבן זיי זיך אויסגעלייגט דעם פּלאַן פון זייער וואַנדער־וועג און דערנאָך ערשט, ווי קינדער, זיך געשפּילט אַרום פייער. זיי האָבן געזונגען, געטאַנצט און זיך געיאָגט איינס נאָך ס'אַנדערע. ביסלעכוויז האָט דער שלאָף זיי אָנגעהויבן בייקומען. זייערע אויגן זענען געוואָרן שמעלער און שמעלער. טאָבי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן טאָלין און שוין האַלב אין שלאָף צו אים גערעדט. —

— לאָמיר זיך נאָך שפּילן, נאָך, ביז אין בלאָען טאָג.

אויפגעכאַפּט האָבן זיי זיך גלייך מיטן לויטערן מאָרגן און אַוועק מיט דער באַן־ליניע.



## צוויי בראָווע יונגען

די צוויי וואַנדער־פייגל האָבן זיך געצויגן קיין דייטשלאַנד. — די בעסטע מאַטראַצן און די בעסטע שיפן פאַר בלינדע פּאַסאַזשירן זענען די דייטשע, — האָט טאַלי דער וועלט־מענטש גערעדט צו טאָבין און זי געפירט אויף דעם וואַנדער־וועג.

טאָבי איז אויפן וועג געווען מוטיק און פרייליך נאָר ווי אַ מאַט־ראָז. בלויז אין די ערשטע טעג האָט זי זיך געפילט ניט זיכער אין די אינגלישע קליידער און זי פלעגט שטאַרק צעטומלט ווערן, ווען עמי־צער האָט געקוקט אויף איר, „דעם שיינעם שלאַנקן יונג" מיט דעם געדיכטן ברוינעם קאָפּ האָר. עס איז איר אָבער פון אָנהייב אָן ליב געווען צו זיין אינאיינעם מיט טאַלין און זי האָט זיך גיך צוגעוואוינט צו דעם נייעם לעבן.

די ווינטן און די רעגנס און די אַלערליי געפאַרן, וואָס האָבן זיי אָפט באַגלייט אויף זייער וואַנדער, האָבן טאָבין גיך פאַרהאַרטעוועט און אַפילו פאַרענדערט איר אויסזען. זיי האָבן ניט איין אָוונט פאַר־בראַכט צווישן היימלאָזע וואַנדערער, ערגיץ אין אַ זייטיקן שענק, צי אונטערן פרייען הימל בײַ אַ פייער. טאָבי האָט פאַר אַלעמען געזונגען און געשפּילט אויף אַ קליינינקער מויל־האַרמאָניקאַ, און קיינעם פון די פרעמדע איז אַפילו ניט איינגעפאַלן צו טראַכטן אַז „דער פריילעכער יונג" איז אַ מיידל.

עס זענען אַוועק עטלעכע וואָכן. טאַלי און טאָבי זענען אָנגע־קומען אין ברעמער האַפן. די האַפנשטאָט איז דעמאָלט פול געווען מיט מאַטראָזן. מען האָט די מאַטראָזן געזען אין אַלע שענקען בײַ גלעזער ביר און קאָניאַק. מען האָט זיי געזען אַרומגיין איבער דער שטאָט באַקוקן די שוי־פענצטער און מען האָט זיי געזען געאָרעמטע

מיט מיידלעך אַרומשפּאַצירן באַם וואַסער. די אַלע ים־פאַרער זענען געווען פון בעלגיען, פון פראַנקרייך, פון בראַזיליען, פון אַמעריקע, אָבער די מייסטע זענען געווען פון דייטשלאַנד.

אין ברעמער האַפן האָבן טאַלי און טאָבי זיך געלאָזט אַפּגאַלן די קעפּ, זיך אָנגעטון אין מאַטראָזנקליידער און זיך אויסגעמישט מיט די מאַטראָזן. ס׳ערשטע זענען זיי אַוועק אין האַפן. זיי האָבן זיך דאָרטן אַרומגעדרייט צווישן די שפּער פון נאָרט־דזשוירמען־לאָיד, באַטראַכט די געאַנקערטע שיפן און גערעדט מיט שיף־אַרבעטער און מאַטראָזן. ערשט קעגן אָוונט ווען דער ראַטעזאַנד־טורעם און אַנדערע לייכט־טורעמס האָבן גענומען וואַרפן זייער ליכט אויף די טונקעלע וואַסערן פון דער געסטע און פון וועזער, האָבן זיי זיך פאַרקליבן אין אַ קאַנטין.

שוין אין צווייטן אָוונט זענען זיי ביידע געזעסן אין אַ שענק צווישן מאַטראָזן, צוזאַמען מיט זיי געטרונקען ביר און געזונגען דייטשע לידער. (טאָבי האָט פּונקט ווי טאַלי אין מלחמה־צייט זיך אויסגעלערנט די דייטשע שפּראַך און דייטשע לידער.) טאַלי האָט פון דער ערשטער ים־רייזע אַ געהאַט מזל צו די מאַטראָזן. אויף אַלע זיינע וואַנדערונגען זענען זיי געווען די ערשטע אים צו העלפן. אויך איצט אין ברעמער האַפן איז ער און זיין „אינגערער ברודער" דער שיי־נער מאַטראָז, מיט עטלעכע באַלד פאַרברידערט געוואָרן. שוין אויפן צווייטן טאָג האָבן טאַלי און טאָבי געוואוסט פון וואַנען די שיפן אין האַפן קומען אַן און וואוהין זיי גייען.

איין מאַטראָז האָט פאַר זיי שוין געהאַט געפונען אַרבעט אויף אַ שיף, וואָס האָט געהאַלטן אין אַפּגיין קיין אַמעריקע. האָבן זיי אָבער ביידע ניט געהאַט קיין פּאַספּאָרטן. אַן אַנדערער האָט זיי גע־שיקט צו זיינעם אַ פריינט, אויך אַ מאַטראָז, אין ליער־האַפן. — מיין פריינט קאַרל וועט אייך שוין אַריינפירן אין דעם דאָלאַר־לאַנד. איך זאָג, אַז דאָס איז דער זיכערסטער וועג פאַר אייך. איר זענט ניט די ערשטע, אָבער זייט וויסן, אַז ניט אומזיסט. — האָט דער מאַטראָז צו זיי גערעדט מיט צוטרוי און אין איין וועגס אַריינגעשריבן אין טאַלים היטל קאַרל׳ס אַדרעס און די ווערטער: — צוויי בראַוּוע יונגען.

אַ דריטער האָט זיי שטאַרק געוואָרנט, אַז זיי זאָלן זיך היטן פֿון שיפֿן, וואָס שמוגלען נאַרקאָטיק. — מאַטראָזן און בלינדע פּאַסאַזשירן האָבן באַ די שיפֿן פֿאַרדינט אַ סך געלט, אָבער איצט היט מען פֿון אַלע זייטן. ערשט די וואָך — האָט ער דערציילט — האָבן דעטעקטיוום, איבערגעטוענע אין מאַטראָזן-קליידער, צוריקגעבראַכט צום ברעג אַ שיף, וואָס איז שוין געווען ניט ווייט פֿונעם ענגלישן קאַנאַל. אין האַפֿן האָט מען אַראָפּגענומען אַלע מאַטראָזן פֿון שיף און ביי אַ צוואַנציק פֿון זיי האָט מען אין די היטלען געפֿונען איינגענייט פֿאַר טויזנטער און טויזנטער דאָלער נאַרקאָטיק.

קאַרגע צוויי וואָכן האָבן טאָלי און טאָבי פֿאַרבראַכט צווישן די מאַטראָזן אין ברעמער האַפֿן און געזוכט דעם זיכערסטן און בעסטן וועג, ווי אַזוי צוצושלאָגן זיך קיין אַמעריקע. איינמאָל אין אַ פֿאַרנאַכט זענען זיי געזעסן אין אַ קאַנטין אַליין באַ אַ טישל און געפּלאַנט זיך אָוועקצולאָזן קיין לי צו קאַרלען. דער פֿאַרנאַכט איז געווען לויטער און דורכן אָפֿענעם פֿענצטער האָבן צו זיי אַריינגעשטראָמט ריחות פֿון ים און פֿון יונגן זומער.

— דו ווייסט זען עס ווערט ניט נעמען לאַנג, — האָט טאָלי טאָבין צוגעגעבן מוט — און אין אַ שטיל ווייך קול נאָך אַמאָל און איבער אַמאָל צו איר גערעדט וועגן דעם ווייטן לאַנד, וואו זיי וועלן פֿאַר זיך אָפּשניידן אַ פּעטן פֿאַס ערד און וואו זיי וועלן בויען זייער היים פֿון לויטערן שטיין. עס איז טאָבין גוט געווען צו הערן די שטילע רייד. זי האָט אינגאַנצן פֿאַרגעסן אָן אירע מאַטראָזן-קליידער און מיט פֿאַרליבטע אויגן געקוקט טאָלין גלייך אין מויל אַריין. זיי זענען ביידע געווען אַזוי פֿאַרחלומט, אַז זיי האָבן אַפֿילו ניט באַמערקט דעם פֿרעמדן מאַטראָז וואָס איז פֿלוצלינג ווי אויסגעוואַקסן לעבן זייער טיש.

— וואוהין, יונגע ים-פֿאָרער? — האָט ער צו זיי גערעדט אין דייטש.

טאָלי האָט באַטראַכט דעם פֿרעמדן פֿאַרשוין און קאַלט געענטפֿערט. — מיר ווייסן נאָך אַליין ניט.

דער מאַטראָז, מיט אַ שמייכל אויף זיינע גראָבע פֿליישיקע ליפּן,

פון צווישן וועלכע עס האָט אַרויסגעגלאַנצט אַ גאָלדענער צאָן, איז באַ זיך גאָר ניט אַראָפּגעפאַלן פון דעם ענטפער. אַן אומגעבעטענער האָט ער זיך צוגעזעצט לעבן זייער טישל, געהייסן דערלאַנגען ביר און מיט פאַרשידענע רייד געפּרואווט ווערן גוט-ברודער מיט זיי. טאָבי האָט געשוויגן. זי האָט שוין געוואוסט ווען טאָלי דאַרף רעדן פאַר ביידן. טאָלין איז דער מאַטראָז אויפן ערשטן בליק ניט געפעלן געוואָרן און ער האָט אויף אַלע זיינע רייד געענטפערט בלויז מיט געציילטע ווערטער. ווען דער פרעמדער האָט ענדלעך דערפילט, אַז זיינע רייד קלעפּן זיך ניט צו, האָט ער פון דער העלער הויט ברעמער האָפן.

— מיידל, דיינע מאַטראָזן-קליידער פּאַסן דיר אויסגעצייכנט, אָבער דיינע מיידלשע פאַרליבטע אויגן פאַרראַטן דיך. — ער האָט אַפילו ניט דערטרונקען זיין ביר נאָר זיך צעלאַכט אויפן קול און אַוועק פון זייער טיש.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס טאָבי איז דערקענט גע-וואָרן, אַז זי איז אַ מיידל. טאָלי און טאָבי זענען נאָכדעם רואיקע אַרויסגעגאַנגען פון קאַנטין און אויפן אַנדערן טאָג פאַרלאָזט ברעמער האָפן.



## אַ שיף אויף דער טריקעניש

קאַרלס שטוב איז געשטאַנען אפשר אַ שעה גאַנג פון ליער־האַפן. עס זענען דאָרטן געווען נאָך הייזער, זיי זענען אָבער געלעגן צעוואָרפן איבער די פעלדער, ווייט אָפּגערוקט איינס פון ס׳אַנדערע. טאָלי און טאָבי האָבן זיך קוים דערפרעגט צו דעם מאַטראָז.

— איר זעט דאָרטן דעם הויכן קוימען? דאָרט איז עס, — האָט מען זיי ענדלעך אָנגעוויזן אויף אַ לענגלעך קליין שטיבל מיט רויט־געפאַרבטע ווענט און מיט אַ קיילעכדיקן הויכן קוימען.

טאָלי און טאָבי זענען אַהין אָנגעקומען אין אַ פאַרנאַכט. זיי זענען געגאַנגען צום שטיבל מיט גערטנער, וואָס זענען געווען פאַרוואַקסן מיט אַלערליי גרינסן, מיט הויכע זון־בלומען און מיט יונגע פייער־רויטע קאַרשנביימער. זיי זענען געגאַנגען מיט אַ שמאָלער סטעזשקע. שווייגנדיקע האָבן זיי געקוקט אויף די היימישע געוויקסן, אויף די רויטע קאַרשן און אויף קאַרלס שטיבל, וואָס האָט פון דער ווייטנס אויסגעזען ווי אַ שיף אַ געלאַנדעטע אויף דער טרוקעניש.

באַלד האָבן זיי דערזען קאַרלען. ער איז געשטאַנען ניט ווייט פון זיין שטוב, מיט פאַרקאַטשעטע העמד־אַרבל, אָן אָנגעשפּאַרטער אויף אַ גראָבאייזן. טאָלי האָט אין די אויסטאַטואירטע גרינע פיגורן אויף זיינע הענט אין אים באַלד דערקענט דעם ים־פאָרער.

— וואוהין בלאָזט דער ווינט אייערע זעגלען, מיינע יונגען? — האָט קאַרל דער ערשטער צו זיי זיך אָנגערופן, און זיי פריינטלעך באַגריסט.

— צו די ברעגן פון קאַלאָמבוס־לאַנד, — האָט טאָלי מיט אַ שמייכל דרייסט געענטפערט.

— צו די ברעגן פון קאַלאָמבוס־לאַנד, — האָט קאַרל איבערגע־חזרט די רייד, אָפּגעמאָסטן די צוויי פרעמדע לייט פון קאָפּ ביז די פיס

און דערנאָך גלאַט אַזוי זיך גערעדט. — דאָס גראָב איך אַ קאַנאַל אין דער גאַנצער לענג פון גאָרטן צו באַוואָרענען מיין אייגענע שיף, אַז זי זאָל מיר ניט אַוועקשווימען פון דאַנען.

— קורט פון ברעמער האַפן שיקט מיט אונדז אַ גרוס, — האָט טאָלי גיט לאַנג געוואָרט, נאָר באַלד אַראָפּגענומען זיין היטל און אַנגעוויזן קאַרלען אויף די עטלעכע ווערטער, וואָס זיין פריינט קורט האָט דאָרטן אַריינגעשריבן.

דער מאַטראָז האָט שוין פאַרשטאַנען וועגן וואָס עס גייט דאָ און פאַרנומען די צוויי בראַווע יונגען אין שטוב אַריין. באַ דער טיר האָבן זיי באַגעגנט קאַרלס פרוי, אַן אַנגעטועטע אין מאַטראָזן-הויזן און זייערע צוויי קליינע בלוי-אויגיקע ווייסע מיידעלעך.

— ווילקאָמען מאַטראָזן! — האָבןביידע קינדערלעך אויסגעשריגן און זיך אַרומגעכאַפּט מיט טאָלין און טאָבין ווי מיט אַלטע באַקאַנטע.

— אין אונדזער קליינער שטוב איז יעדער פרעמדער ווי אין זיין אייגענער היים. — האָט די יונגע פרוי זיי באַלד געפירט צום טיש און דערלאַנגט עסן.

די שיף, וואו קאַרל האָט געאַרבעט, האָט געדאַרפט אָפּגיין ערשט אין פינף טעג אַרום. טאָלי און טאָבי זענען די פאָר טעג פאַרבליבן באַ דער יונגער מאַטראָזן-פאַמיליע. זיי האָבן אין דער צייט געהאָלפן גראָבן דעם קאַנאַל, צונויפגעשאַרט דאָס היי און געאַרבעט אין גאָרטן. אין די ווייסע לבנה-נעכט פלעגן זיי, צוזאַמען מיט דער מאַטראָזן-פאַמיליע, ליגן אויסגעצויגן אויף דער קופּע היי, וואָס איז געשטאַנען אויפן הויף און ווי אַלטע פריינט רעדן און דערציילן ביז פאַרטאָג.

— שוין פופצן יאָר, אַז איך דין די ים-געטער און איך בין שוין אויסגעפאָרן אַלע וואַסערן, — האָט קאַרל דערציילט. — אָבער פון זינט דער מלחמה אַן האָט דער ים פאַר מיר פאַרלוירן דעם אַמאָליקן רייץ.

די שרעקלעכע בילדער פון דער מלחמה אויפן וואַסער האָבן ווי געלעבט אין קאַרלס געדאַנק און ער האָט פיבערנדיק גערעדט און

גערעדט. — ווי ים-חיות האָט מען אונדז דעמאָלט כסדר געהאַלטן אין די סובמאַרינס אונטערן וואַסער. ניט איין שיף האָבן מיר צעשטערט, ניט איין לעבן האָבן מיר אומגעבראַכט. פאַרוואָס האָבן מיר אַליין ניט געוואוסט. נאָך איצט חלומט זיך מיר אָפט פון יענער צייט. ערשט לעצטע וואָך האָט זיך מיר געחלומט, אַז איך בין אַ ים-לייב אַ פאַר־מאַכטער אין אַ קאַסטן, מיט צוויי קליינינקע פענצטערלעך. דורך איין פענצטערל וואַרפן מענטשן קליינע פישעלעך גלייך מיר אין מויל אַריין, און דורכן אַנדערן פענצטערל שפּיי איך מיט גרויסע שטיקער פייער.

קאַרל האָט דערציילט, אַז אין די לעצטע דריי יאָר האָט ער שוין צוויי-און-צוואַנציק מאָל דורכגעמאַכט דעם וועג קיין ניו יאָרק און צוריק קיין לי. צוויי-און-צוואַנציק מאָל האָט ער שוין געזען די פרייהייט-סטאַטוע. אָבער אין לעצטן יאָר איז צו אים איינמאָל געקו־מען זיין פריינט יאָהאַן און זאָגט צו אים אַזוי: — הער צו קאַרל, די שיפהאַרן און קאַפּיטאַנען זענען ניט ערלעך צו אונדז. זיי ווערן וואָס אַמאָל רייכער און מיר האָבן ניט אויף ברויט פאַר ווייב און קינד. פאַרוואָסזשע דאַרפן מיר זיין ערלעך צו זיי? ניט קיין נאַרקאָטיק שמוגלען, מיין איך, — זאָגט ער — נאָר מענטשן, וואָס ווילן פאָרן קיין אַמעריקע און מען לאָזט זיי אַהין ניט אַריין. מיר וועלן זיי אויסבאַהאַלטן אין די קעלערן פון אונדזער שיף און מיר וועלן אין האַפן זיי אַראָפּנעמען אויף די פּאַפּירן פון די מאַטראָזן און שיפאַרבעטער.

דער פּלאַן איז אים, קאַרלען, דעמאָלט געפעלן געוואָרן און פון דעמאָלט אָן האָבן זיי שוין עטלעכע-און-צוואַנציק מאָן אַזוי אַריבער־געפירט. די מייסטע פון די פּאַסאַזשירן האָבן פאַר דער בלינדער רייזע באַצאָלט צו פינף-און-צוואַנציק און צו פופציק דאָלער אין אַמעריקאַ־נער געלט. האָט זיך אָבער אַמאָל געמאַכט, אַז אייניקער האָט ניט געהאַט אַזויפיל האָט מען אים מיטגענומען פאַר ווייניקער. די שיף גייט דאָך סיי ווי. און זאָל עס נאָר ווייטער אַזוי גיין, וועט ער אין אַ יאָר אַרום צוקויפן נאָך אַ שטיק גאָרטן, און שוין אויף שטענדיק פאַרבלייבן אויף דער טרוקעניש.

טאַלי האָט אין די ליכטיקע נעכט, מיט דערזועלבער אָפנהאַר־ציקייט ווי קאַרל, דערציילט וועגן זיך און וועגן טאַבין. אַלץ האָט ער דערציילט. אַפילו דעם סוד, אַז טאַבי איז נישט זיין ברודער, נאָר זיין מיידל, מיט וועלכער ער פאָרט זיך באַזעצן אין טעקסעס, האָט ער אויך נישט באַהאַלטן.

אויפן צווייטן טאָג האָבן טאַלי און טאַבי אַרויסגעלייגט זייער גאַנץ פאַרמעגן אויפן טיש. זיי האָבן נאָך פאַרמאָגט פופצן אַמעריקאַנער דאָלער און עטלעכע ביליאָן דייטשע מאַרק. (די דייטשע ביליאָנען זענען דעמאָלט בלויז גענוג געווען אויף צו באַצאָלן פאַר עטלעכע גלאָז ביר.)

— מער האָבן מיר נישט, — האָט טאַלי עס צוגעשאַרט צו קאַרלען.

קאַרל האָט איבערגעציילט דאָס געלט, גוטמוטיק געקוקט אויף זיינע צוויי פּאַסאַזשירן און מיטן נאָגל פון גראָבן פינגער אויסגעקריצט אויפן טיש א 10.

— ווייניק, זייער ווייניק, — האָט ער זיך אָנגערופן און אָנגעוויזן אויף דער אָנגעשריבענער 10. — נאָך אַזויפיל דאָלער וועט איר מיר דאַרפן צושיקן, אַז נישט וועל איך אַזוי גיך נישט קענען צוקויפן דאָס שטיק גאָרטן.

— מיר וועלן שיקן, מיר וועלן שיקן, — האָבן טאַלי און טאַבי אויסגערופן אין איין קול.



# אין דער פינצטער

די פינף טעג זענען גיך אוועק. קאַרל, טאָלי און טאָבי האָבן אויסגעוואַשענע און אויסגעפּוצטע זיך אַוועקגעלאָזט צו דער שיף. די קינדערלעך מיט דער מאַמען האָבן אַרויסבאַגלייט די ים־פאָרער ביז צום וועג און זיך דאָרטן געזעגנט. מען האָט זיך געקושט און געהאַלדזט און איבער טאָבים און איבער די מיידלעכס באַקן זענען געראָנען גרויסע טרערן.

— איר זאָלט פאָלגן דער מאַמען און איך וועל שוין עפּעס ברענגען פון ניו יאָרק, — האָט קאַרל פון דערווייטנס אַריבערגערופן צו די קינדער.

— פיל גליק ! — האָבן די מיידעלעך, גייענדיק הינטערוויילעכטס, געשריגן און געפאָכעט מיט זייערע טיכעלעך.

באַם וואַסער האָבן טאָלי און טאָבי זיך באַלד אויסגעמישט מיט די מאַטראָזן און שיפאַרבעטער און אַרויף אויף דער שיף. ווי נאָר זיי האָבן זיך באַוויזן אויפן דעק האָט קאַרל זיי אַראָפּגעפירט אין דער טיפעניש פון דער שיף.

— דאָס וועט זיין אייער קאבין, — האָט ער געשפּאַסט און זיי אָנגעוויזן אין אַ פינצטער ווינקל אַריין. טאָלי און טאָבי האָבן באַם שיין פון זייער אייגן עלעקטריש לעמפל באַטראַכט זייער נייע היים. אויף איין קאַסטן איז דאָרטן געשטאַנען אַ גרויסע פלאַש וואַסער, אַן איינגעפלאָכטענע אין אַ קיישל, צוויי ברויט, קעז, טרוקענע פיש און האַרטער צוויבאַק. אויף אַנדערע צוויי קאַסטנס, וואָס האָבן געדאַרפט דינען פאַר בעטן, זענען געלעגן שווימבעגדער און עטלעכע אַלטע האַריקע דעקן.

קאַרל האָט זיך מיט זיי אָפּגעזעגנט און זיי אָנגעזאָגט, אַז זיי

זאָלן זיין שפּאַרעוודיק מיטן עסן, זיי זאָלן עס ניט פאַרטיילן צו אַנ־דערע בלינדע פּאַסאַזשירן. אויב ער וועט נאָר קענען זיך אָוועקרייסן, וועט ער קומען צו זיי אין אַ צוויי דריי טעג אַרום, און טאָמער ניט פאַרלאָזט ער זיך שוין אויף טאָלין. עס איז דאָך באַ אים ניט דאָס ערשטע מאָל. צולעצט האָט ער זיי אָנגעזאָגט, אַז ווען זיי וועלן אין צען טעג אַרום דערהערן די סיגנאַלן, וואָס זאָגן אָן, אַז די שיף דער־נענטערט זיך צום ברעג זאָל זיי זיין גרייט, ווייל דעמאָלט וועט ער נאָך זיי קומען.

טאָלי האָט שוין געוואוסט וואָס עס מיינט צו זיין אַ בלינדער פּאַסאַזשיר. באַ טאַבין אָבער איז עס געווען דאָס ערשטע מאָל און זי האָט אין דער פינצטער ניט געקענט געפונען קיין רו. באַ דעם מינדסטן גערויש האָט זי זיך אויפגעכאַפּט פון איר אָרט און מיטביידע הענט זיך געקלאַמערט אָן טאָלין.

— עס איז גאָרניט. אוודאי אַ מויז דורכגעלאָפן, — האָט טאָלי איר אַלע מאָל אויסגערעדט. — דו וועסט זען טאַבי, עס וועט ניט נעמען לאַנג און מיר וועלן אָנקומען קיין ניו יאָרק. אומגעריכט וועלן מיר אַריינפאַלן אין שטוב צו דיין טאַטע מאַמע און איידער מיר וועלן אויסזאָגן ווער מיר זענען, וועלן מיר שווייגנדיקע בלייבן שטיין באַ דער טיר. מען וועט אויף אונדז קוקן און זיך וואונדערן:

— ווער זענען דאָס די צוויי פרעמדע יונגען?

— וואָס, איר דערקענט אונדז ניט? — וועל איך זיך אָנרופן און מיר וועלן צוגיין נענטער צו דער מאַמען.

— דאָס איז דאָך טאַבי, — וועל איך אָנווייזן אויף דיר. און איך בין טאָלי פון טאָל.

— טאָלי? טאַבי? — וועלן טאַטע מאַמע און די קינדער אַלע מיטאַמאָל אויסשרייען און ניט גלייבן מיינע רייד. — ווי איז עס דען מעגלעך? מען לאָזט דאָך ניט אַריין קיין אַמעריקע.

— ששש, רעדט ניט הויך, — וועל איך צולייגן אַ פינגער צום מויל, מען קען אונדז נאָך צוריקשיקן, ווייל מיר האָבן זיך אַהער אַריינגעגנבעט.

טאָבי האָט אין איין אָטעם זיך צוגעהערט צו די וואונדערלעכע רייד. זי האָט אין דער פינצטער איבערגעלעבט די פּלוצלינגע באַגע־געניש און אַזש אָנגעהויבן ציטערן פון אויפרעגונג. עס איז אין דער פינצטער פאַר איר אויסגעוואַקסן דאָס הויז, וואו עס וואוינט איצט איר הויזגעזינט. אַ הויז פונקט ווי דעם גראַפ'ס. עס האָט צוויי שיינע גאַניקעס, פאַרוואַקסענע מיט ווילדן וויין און פון פאָרנט איז דאָ אַ גאָרטן מיט פרוכטביימער און מיט בלומען.

— מיר זענען ניט געקומען פאַרבלייבן אין ניו יאָרק, — וועלן מיר זאָגן צו טאַטע מאַמע. מיר וועלן דאָ חתונה האָבן און אַוועק בויען אונדזער היים אין פרייען פעלד, — האָט טאָלי מיט זיינע רייד פאַר־וויגט טאָבין און זיך אין געשמאַקן שלאָף.

צוויי טעג און צוויי נעכט האָבן זיי אַזוי אין רייד און אין חלומות, אומגעשטערט געבויט זייערע שלעסער.



# אַ גאַסט

דאָס איז געווען אין דער דריטער נאַכט פון דער ים־רייזע. טאָלי איז געשלאָפן און טאָבי איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און גע־טראַכט. פלוצלינג האָט זי דערהערט אַ גערויש. זי האָט אויפגעמאַכט די אויגן און אין שיין פון אַ ליכט דערזען ווי עס דערנענטערט זיך צו זייער ווינקל אַ געשטאַלט פון אַ ווילד־פאַרוואַקסענעם מענטשן. אין איין האַנט האָט דער מענטש געהאַלטן אַ ברענענדיק ליכט און אין דער אַנדערער האַנט אַ בלאַנקנדיק מעסער און אַ ברויט. טאָבי האָט אַ צעשראָקענע אין דער שטיל אַ ריס געטאָן טאָלין און ער האָט מיט אַ דרוק אין האַנט איר באַלד געגעבן אַ שטומען ענטפער, אַז ער איז וואַך. דער פרעמדער מיטן ליכט אין האַנט האָט ווי אַ פוקס, וואָס דערשמעקט די פוס־טריט פון אַ האָז, זיך אַרומגעדרייט, געקוקט אין אַלע זייטן און ענדלעך באַמערקט די קאַסטנס מיט די געלעגערס.

— האַלאָ! — האָט ער אויסגערופן.

— ווער איז עס דאָרטן? — האָט טאָלי געלאָזט הערן זיין אומ־דערשראָקן פעסט קול.

— איינער, וואָס האָט זיין באַהעלטעניש ניט ווייט פון אייך. געהערט אייך פריער רעדן בין איך געקומען צו אייך צוגאַסט, — איז דער פרעמדער מיט דעם ענטפער צוגעקומען.

טאָלי און טאָבי האָבן זיך אויפגעזעצט און באַם שיין פון ליכט באַטראַכט זייער גאַסט. ער איז געווען דין און הויך. זיינע לאַנגע פאַרבלאַטיקטע נעגל אויף די פינגער פון די הענט זענען געווען אויס־געבויגן ווי באַ אַ רויב־פויגל. זיין פנים איז געווען פאַרשמירט און פאַרוואַקסן מיט אַ טונקעלער באָרד פון עטלעכע טעג, זיינע האָר פון קאָפּ זענען געווען צעשויבערט, און זיינע אָפּגעטראָגענע מאַטראָזן־

קליידער — שטאַרק צעריסן. זיין אויסזען האָט טאָבין דערמאָנט אַן אַ פּיראַט פון אַ מעשה, וואָס טאָלי האָט איר אַמאָל דערציילט. נאָר דאָס פאַרביקע טיכל אויפן קאָפּ האָט אים געפעלט. טאָלי האָט באַם ערשטן קוק אויף דעם פאַרשוין באַלד דערקענט, אַז ער איז אַן אלטער דערפאַרענער שיפהאַז.

— בלויז צוויי זענט איר דאָ? — האָט דער גאַסט געפרעגט און גענומען באַטראַכטן זייער באַלעבאַטישקייט.

— בלויז איך און מיין אינגערער ברודער, — האָט טאָלי געענטפערט.

— ניט ווייט פון די קוילן האָבן נאָך דריי זייערע געלעגערס. איך האָב זיי נעכטן ביינאַכט געפונען. זענען מיר שוין זעקס. הערט, אויף דער אַנדערער זייט וואַנט, רעכטס פון דאַנען, אין סאַמע נאָז פון שיף, האָב איך אַנטדעקט אַ קאַמער מיט אַ גרויס קיילעכיק פענצ-טער, וועלן מיר זיך דאָרטן צונויפקומען יעדע נאַכט. ביינאַכט ווען די הערשאַפטן פון די אויבערשטע דעקן שלאָפן איין, שרויף איך אָרויס די אייזערנע דעק פון פענצטער און קוק אַרויס אויפן ים. איך גיי איצט אַהין. קומט אויך.

— ניט היינט, איך בין שלעפעריק און דער קאָפּ טוט מיר ווי, — האָט טאָבי פאַרכאַפּט דעם ענטפער.

— דיין ערשטע רייזע?

— ניין, די צווייטע.

דער גאַסט האָט זיך צוגעזעצט אויפן קאַסטן און אַ שווייגנדיקער מיט שפּיזענע אויגן געקוקט אויף טאָלין און טאָבין. דערווייל זענען אָנגעקומען נאָך געסט. דאַסמאָל זענען עס געווען צוויי שטשורעס. זיי האָבן נאָר דערזען דאָס ליכט האָבן זיי זיך באַלד אויסגעדרייט און צוריקגעלאָפן מיט דעמזעלביקן וועג, וואָס זיי זענען געקומען. דער פרעמדער האָט אין דער רגע פלינק אַ לאָז געטון זיין שאַרף מעסער נאָך זיי און איינעם איבערגעהאַקט אויף צוויי העלפטן. טאָבי האָט אַוועקגעבויגן דעם קאָפּ אין אַ זייט ווען זי האָט דערהערט דעם לעצטן

קומטש פון דעם באשעפעניש. דער פארשוין האט אויפגעהויבן דאס מעסער, עס אפגעווישט פון בלוט און אין א פרייליכן געמיט גענומען דערציילן מיט אלע איינצלהייטן, וויאזוי אויף זיינער א רייזע פון ניי-זעלאנד קיין אויסטראליע, מיט דער שיף „מאנעוויי”, זענען שטשורעם באפאלן א קראנקן שיפהאז און אים אויפגעגעסן לעבעדיקערהייט.

— שווייג! שווייג! איך קען ניט צוהערן, — האט טאבי מיט פארקלעמטע ציין אין זיך שטום געברומט. זי האט שוין אבער סיי ווי ניט געהערט אים פארענדיקן די שוידערלעכע געשיכטע. א שווארץ־רויט ראד האט מיט שטארקער שנעלקייט זיך א דריי געטון פאר אירע אויגן, איר קאפ איז איר שווערער געווארן און פאוואליע זיך אראפגעלאזט אויפן געלעגער. דערנאך האט זיך איר אויסגעוויזן, אז זי פאלט אראפ ערגיץ אין א פינצטערער טיפעניש. דער פרעמדער האט אבער ווייטער דערציילט זיין מעשה, און טאלי איז געזעסן און אים אויסגעהערט.

— מארגן וויל איך ווידער קומען, — האט טאבי געהערט די ווערטער ווען זי איז צו זיך געקומען. ווען זי האט ווידער געעפנט די אויגן האט זי געזען ווי דער גאסט זייערער האט אויסגעלאשן דאס ליכט און פארשוואונדן אין דער פינצטערניש.

דער פארשוין איז אוועק און טאלי האט זיך איסגעצויגן אויף זיין געלעגער. דער גאסט איז אים גארניט ליב געווען און ער איז געווען צופרידן, וואס ער האט אים ארויסגעפטרט.

ווער ווייסט ווי לאנג דער מענטש לעבט שוין אזוי אין די קעלערן פון די שיפן, — האט טאלי געפרואווט פארציען א שמועס. טאבי האט ניט געענטפערט. זי איז געלעגן אויפן רוקן מיט אפענע אויגן איבערגעגאסענע מיט טרערן, און אפילו ניט דערציילט טאלין, וואס זי האט נאר וואס איבערגעלעבט.

— און קארל קומט ניט. מסתם האט ער דערשמעקט פרעמדע ארום אונדז. דו שלאפסט טאבי?

— ניין, איך שלאף ניט.

— די בלינדע פאסאזשירן הייבן זיך ערשט איצט אן ארויסצו־

רירן פון זייערע לעכער. אָבער ניט אַלע זענען אַזוי ווי דער, האָט
טאַלי איצט שוין מער צו זיך, ווי צו טאָבין גערעדט.

דערנאָך זענען זיי ביידע אַנשלאָפן געוואָרן.



# באַם אָפענעם פענצטער

— אויף די אויבערשטע דעקן איז איצט אַ באַל און באַ אונדז וועט, אין קאַמער מיטן קיילעכיקן פענצטער, היינט זיין אַ פעסט מיט פּריש זויער קרויט. נאָר וואָס געבראַכט פון קיך. נו רירט אייך, — איז דער הויכער פאַרשוין אין דער פערטער נאַכט געקומען רופן טאָלין און טאָבין.

עס איז די צוויי שוין געווען דערעסן דאָס ליגן אין זייער ווינקל, האָבן זיי אַפילו גאָרניט איבערגערעדט, נאָר זיך אויפגעהויבן און ווי אויף אַ באַפעל נאָכגעגאַנגען דעם פרעמדן.

אין קאַמער האָט דער גאַסטגעבער, אַן אויפגעלייגטער, זיי באַקענט מיט נאָך פינף בלינדע פאַסאַזשירן, וואָס זיי האָבן דאָרטן געטראָפן. אַלע האָבן זיך אויסגעזעצט אויף דער ערד אַרום אַ ברענענדיק ליכט. צוערשט האָט מען אָנגעקוקט איינס ס'אַנדערע, זיך אויסגעפרעגט פון וואַנען און וואוהין, און דערנאָך האָט מען זיך גענומען צו דעם שמעקנדיקן פרישן קרויט. מען האָט אויך געגעסן פון אַנדערע מאכלים און פאַרטרונקען מיט וואַסער און מיט הייסע קאַווע. דער גאַסטגעבער האָט אַלץ פאַרזאָרגט. עפּעס אַזוי פון זיך אַליין איז ער אין יענער נאַכט געוואָרן דער פירער פון אַלע. ער איז געווען העכער און עלטער פון אַלעמען. ווען ער האָט גערעדט האָבן אַלע געקוקט אויף זיין לענגלעך פּנים, וואָס איז געווען איינגעפאַסט אין דער האַרטער באָרד, ווי אין אַ ראַמל, און זיך גוט צוגעהערט וואָס ער האָט צו זאָגן. אין זיינע רייד איז געווען דער טאָן פון זיכערקייט, אַז אַזוי איז עס און ניט אַנדערש. ער האָט געוואוסט וואָס עס טוט זיך אויף די אויבערשטע דעקן און געקענט אַלע ווינקעלעך פון דער שיף. ער האָט גערעדט דייטש, פּאָרטוגעזיש, רוסיש, ענגליש און אויך אַביסל אידיש און דערציילט פון רייזעס אין אַלע וועלט־טיילן, אָבער וועגן זיך אַליין האָט ער גאָרניט דער־

ציילט, אַפּילו פון וואַנען ער קומט און וויאַזוי ער הייסט האָט ער ניט געוואָלט זאָגן. — איך בין דער ערשטער „סטאָואַוועי" וואָס איז געפאָרן מיט קאָלאָמבוסן אויף דער שיף סאַנטאַ מאַריאַ — האָט ער געשפּאַסט.

אין שפּעטער נאַכט, ווען אַלע אויף די אויבערשטע דעקן זענען שוין געשלאָפן האָט דער פּירער, מיט טאָלים הילף, שטיל און פאָר־זיכטיק, אָפּגעשרויפט די אייזערנע דעק פון דעם קיילעכיקן פענצטער. טאָלי האָט צוערשט דורך דער פאַרמאַכטער שויב אַרויסגעקוקט צי דער ים איז רואיק, צי דער הימל איז ניט פאַרוואָלקנט און דערנאָך אויך די שויב אָפּגעשרויפט.

עס האָט אַ ווייע געטון מיט טיפבלויער פרישער לופט. דאָס אָפענע פענצטער, ווי אַ פולע לבנה אויף אַ שוואַרצן הימל, האָט אַלע־מען צו זיך געצויגן. די שיף איז שוין געווען די פערטע נאַכט אויפן וואַסער, אָבער חוץ דעם עלטסטן, וואָס האָט אַלעמען געבראַכט אין דער קאַמער אַריין, האָבן די שיפהאָזן איצט צום ערשטן מאָל דערזען דעם ים. מען האָט באַלד אויסגעזוכט אַ לאַנג ברעט און עס אַוועק־געלייגט אויף אַ פּעסל און אויף אַ הוק, וואָס האָט אַרויסגעשטעקט פון אַ וואַנט. אַלע אַכט פאַרשווין האָבן זיך אויסגעזעצט אויף דעם ברעט און פאַרשטומטע, מיט טונקעלע מיסטעריעזע פּנימער, אַרויס־געקוקט צו דעם צונויפגעגאָסענעם בלוי פון ים און הימל. טאָבי איז געזעסן לעבן טאָלין. זי האָט געהאַלטן איר קאָפּ פאַרוואָרפן אויף צוריק און איינגעהאַלטן דעם אָטעם. פון ערגיץ ווייט האָט אַ ליכט פון אַ שיף צוגעוואונקען. טאָבין האָט זיך איצט אויסגעוויזן, אַז די ווילדע זיבן ים־געטער האָבן שוין פאַרכאַפּט די גאַנצע וועלט פאַר זיך. די גאַנצע טריקעניש האָבן זיי שוין פאַרפלייצט. נאָר איין ליכטיק פינטעלע ראַנגלט זיך נאָך, איידער עס ווערט אויך דערטרונקען.

דער עלטסטער האָט דער ערשטער איבערגעריסן די שטומקייט און שטילערהייט זיך צעזינגען: —

„וואָס־זשע רופט מיך אין דער ווייטקייט?"

„וואָס־זשע טרייבט מיך אויף די ימים?"

נאָכן געזאַנג האָט באַ יעדן איינעם זיך געעפנט אַ קוואַל פון רייד. איינציקווייז האָבן אַלע, אין טרויעריקער שטילקייט, זיך אָראָפּ־געגעדט פון האַרצן און דערציילט וועגן זייער היימלאָזן לעבן. אין אַלעמענס רייד איז געווען דער הייסער באַגער זיך אַרויסצוררייסן פון דעם פינצטערן וואַנדערלעבן און אויפסנייַ זיך וואו איינוואָרצלען.

אויך טאַלי איז געוואָרן שטאַרק רעדעוודיק. ער האָט דערציילט וועגן דער מלחמה אין טאָל, ווי אַזוי ער איז דעמאָלט געבליבן אָן אַהיים — און ווי אַזוי ער איז דערנאָך אַוועק אין דער וועלט אַריין. אָבער דאָס איז מיין לעצטער וואַנדער, — האָט ער פאַרקוועטשט אַ האַרטן פויסט. — איך וועל זיך ווידער אָנכאַפּן אָן לעבן. איך וועל מער ניט אַרומוואַגלען ווי אַ היימלאָזער הונט אָן אַ ציל. איך וועל מער ניט ליגן אויף די פינצטערע דנאָען פון די שיפן, ווי אַ שטשור, וואָס האָט מורא פאַר ליכט. — צולעצט איז ער פּלוצלינג אַרויס מיטן סוד, — און טאָבי איז ניט מיין ברודער.

— נאָר דיין מיידל, — האָט דער עלטסטער פאַר אים פאַרענ־דיקט און זיך צעלאַכט. — איך האָב געוואוסט נאָך איידער איך האָב אייך געזען. איך האָב אייך געהערט רעדן.

אַלע זענען שטאַרק איבערראַשט געוואָרן פון דער נייעס. אַלע ווי איינער האָבן איצט אויסגעדרייט זייערע סילועטן־קעפּ צו טאָבין און געגלאָצט אויף איר אין דער פינצטער. דער סוד איז נאָר אַרויס־געזאָגט געוואָרן פון טאַלים און פון דעם עלטסטנס ליפּן און טאָבי איז באַלד, ווי דורך אַ כישוף־שפּרונג, אין איר האַלטן זיך און אין איר גאַנצער נאַטור, צוריק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מיידל. מיט טאָבים פאַרענדערונג זענען אויך די בלינדע פּאַסאַזשירן ווי איבער־געביטן געוואָרן. זיי האָבן מיט ליבשאַפט געהיט דעם געדאַנק, אַז צווישן זיי געפינט זיך אַ מיידל און געוואויגן יעדעס וואָרט איידער זיי האָבן עס אַרויסגערעדט. קוים האָט ווער אין רעדן זיך פאַרגעסן, האָט מען אים באַלד דערמאָנט. — העי דו, היט דיין צונג, האָסט הפנים פאַרגעסן ווער עס איז דאָ צווישן אונדז.

## אַ מענטש אָן אַ לאַנד

זיבן פון די שיפהאַזן האָבן אין יענער נאַכט וועגן זיך אַ סך אויסדערציילט און געוואָרן שטאַרק פאַרברידערט. נאָר איינער, דער עלטסטער, איז געבליבן ווי פאַרשלאָסן.

צוויי פון דער חברה זענען געווען יונגע דייטשן. איינער איז געפאָרן דעם ווייטן וועג בלויז צו באַווייזן העלדישקייט פאַר זיין מיידל, וואָס האָט אים ניט ליב. ער וועט אַראָפּגיין אין ניו יאָרק, איינהאַנדלען פאַר איר אַ מתנה און אפשר נאָך מיט דערזעלבער שיף צו איר צוריקפאָרן. דער צווייטער האָט געטרוימט וועגן דאָלערס, דאָלערס, וואָס מען קען זיי אויסבייטן אין הונדערטער טויזנטער ביליאָנען פּאַפּיר-מאַרק.

איין פּאַסאַזשיר איז געווען פון פּוילן. זיין גאַנצע פאַמיליע איז אין מלחמה-צייט דערהאַרגעט געוואָרן פון אַ גראַנאַט, וואָס האָט גע־פּלאַצט באַ זיי אין הויף. שוין דאָס צווייטע מאָל פּרוּווט ער איצט זיין גליק. דאָס ערשטע מאָל האָט ער זיך באַהאַלטן אונטער אַ רעטונגס-שיפל. ער האָט געהאַט פולע קעשענעס ברויט, אַ פלאַש וואַסער, און זעקס טעג און זעקס נעכט זיך ניט אַרויסגערירט פון זיין באַהעלטעניש. ערשט אויפן זיבעטן טאָג, ווען מען האָט גענומען איבערפאַרבן אַלע שיפלעך האָט מען אים געפונען און אים צוריק־געשיקט. ער האָט גערעדט האַלב-פּויליש און האַלב-דייטש און זיך געהאַלטן אין איין באַרימען, אַז זיין מאַמעס ברודער צו וועמען ער פאָרט, האָט אַ פאַרם מיט פינף-הונדערט שוואַרצע חזירים.

הויך טאַלין און טאָבין איז צווישן זיי געווען נאָך אַ אידישער פּאַסאַזשיר. דאָס איז געווען אַן אויסגעמאָגערטער איינגל פון אַ יאָר זיבעצן. ער האָט גערעדט אידיש און דייטש און זיין קול און זיינע רייד

זענען געווען ווי פון אַן אַלטן, וואָס האָט שוין אַ סך איבערגעלעבט.

זיין טאַטן און זיין עלטערן ברודער האָט מען פאַר זיינע אויגן דערהאַרגעט אין אַ פּאָגראָם, אין זיין אוקראַיניש־רוסישער היים. צי זיין מאַמע און זיין שוועסטער זענען געבליבן לעבן ווייסט ער ניט. עס איז דעמאָלט געוואָרן אַ שטאַרק געלויף פון שטעטל, האָט ער זיי אין טומל און אין געדרענג פאַרלוירן און זיי שוין קיינמאָל ניט געפונען. ער איז דעמאָלט נאָך אַפילו קיין צען יאָר ניט אַלט געווען. אַ באָר־וויסער, אַן איינגעוויקלטער אין שמאַטעס, האָט ער עטלעכע יאָר זיך אַרומגעשלעפּט איבער די רוסישע וועגן און דערנאָך אַוועק קיין פּוילן זוכן זיינע אַ מומע. ווען ער איז ענדלעך אָנגעקומען אין דעם שטעטל, וואו זיין מומע האָט אַמאָל געוואוינט, האָט ער דאָרטן געטראָפן בערגלעך ליים, פאַרוואָקסענע מיט ווילד־גראָז. אַ בית עולם מיט אַ סך מצבות, אָבער ניט קיין מענטשן. האָט ער זיך ווידער געלאָזט אויף וואַנדער־וועגן און אַנגעשלאָגן אין פראַנקרייך און אין ענגלאַנד. פאַריאָרן האָט ער אין ענגלאַנד זיך אַרויפגעגנבעט אויף אַן אַמעריקאַנער שיף און זיך געלאָזט קיין אַמעריקע זוכן זיין טאַטנס ברודער. אָבער אויפן דריטן טאָג פון זיין רייזע איז ער פאַרקראָכן צווישן הייסע רערן און דאָרטן זיך שיר ניט אָפּגעבראָטן לעבעדיקערהייט. ער האָט גענומען שרייען מיט באַנומענע קולות און שיפליט זענען אים געקומען צו הילף. זיי האָבן אים קוים אַרויסגעשלעפּט פון צווישן די צעגליטע אייזנס, אים גענומען צו די אויבערשטע דעקן און געהיילט זיינע בראַנד־וואונדן. אַן אויסגעהיילטן האָט מען אים דערנאָך צוריק־געשיקט קיין ענגלאַנד. די שיף האָט אים אָבער באַלד געמוזט צוריקפירן, ווייל ענגלאַנד האָט אים ניט געוואָלט האָבן באַ זיך.

קיין סאָוויעטן־לאַנד, — זיין אַמאָליקע היים — האָט מען אים ניט געקענט שיקן, ווייל די אַמעריקאַנער זענען ווי ברוגז געווען מיט יענעם לאַנד. אין קיין אַנדער לאַנד האָט מען אים ניט אַריינגעלאָזט. האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן „דער מענטש אָן אַ לאַנד“ און אים אַרומגעפירט אויף דער שיף פון איין ברעג צום אַנדערן. עס האָט אים אָבער דערעסן דאָס אַרומפאָרן אָן אַ ציל און ער האָט זיך אַליין,

אין אַ מיטן נאַכט, אַראָפּגעכאַפּט אויף ענגלישער ערד. פון דאָרטן איז ער אַוועק קיין דייטשלאַנד און איצט איז ער ווידער אויפן וועג צו דעם לאַנד, וואו ער וויל געפינען זיין פעטער.

איינער פון די אַכט שיפּהאָזן איז געווען אַ יונגער שלאָסער פון ווין. זיין האָפנונג איז ניט געווען בלויז אַריינצוקומען אין לאַנד אריין. ער האָט געדעט וועגן ליכט און פרייהייט פאַר אַלעמען און וועגן אַ נייער צייט, ווען עס וועלן ניט זיין קיין היימלאָזע און קיין פאַרוואָגלטע.

— כאַפּט אייך אַלע דער טייוול, — האָט דער עלטסטער נאָך אַלעמענס רייד אַרויסגעשאָסן אַ קנאַקענדיקן שפּיי דורכן פענצטער. — קיינער פון אייך פאַרט ניט מיין וועג. אויך מיר שיפּהאָזן. אַן אמתער שיפּהאָז ציט ניט צו קיין גאָלדענע ברעגן, ער געפינט ניט קיין רו אין קיין שום לאַנד, ווייל ער איז דער אייביקער וואָגאַבונד פון די ימים.

פלוצלינג האָט דאָס אידישע אינגל, דער מענטש אָן אַ לאַנד, זיך אַראָפּגעוואָרפן פונם ברעט און זיך עטלעכע מאָל איבערגעקוליעט. ער האָט זיך גענומען וואַרפן אין קרעמפּן, געברומט און געכאָרטשעט ווי אַ ניט דערקוילעטער. אַלע זענען שטאַרק צעטומלט געוואָרן. טאַבי איז געוואָרן אויסער זיך פון שרעק.

— עס איז גאָרניט. ער האָט די פאַליקע. ער וועט באַלד צו זיך קומען, — האָט טאַלי אַלעמען באַרואיקט.

דער עלטסטער און טאַלי האָבן אויף גיך פאַרשרויפט דאָס פענצטער, דורך וועלכן עס האָט שוין אָנגעהויבן אַריינקוקן בלויער פאַרטאָג און צוגעשרויפט די אייזערנע דעק. דערנאָך זענען זיי ביידע געקומען צו הילף דעם עפּילעפּטיקער. דאָס מאָגערע אינגל האָט מיט ווילדער גבורה זיך געוואָרפן מיט דעם קאָפּ צום דיל און געברילט ווי אַ חיה. דער עלטסטער און טאַלי האָבן, נאָך אַ לאַנגן געראַנגל, אים קוים אַריינגענומען אין זייערע הענט אַריין. זיי האָבן ביידע אַראָפּגענומען די רימענס פון זייערע הויזן און מיט זיי איינגעקרעמ־פּעוועט דעם אינגלס הענט און פיס. דערנאָך האָבן זיי אים צוגעבונדן

צו א הוק, אזוי, אז ער זאל זיך ניט קענען ווארפן. אלע האבן זיך אויסגעזעצט ארום דעם קראנקן און געווארט ביז ער איז געבונדע־נערהייט איינגעשלאפן. דערנאך האט דער עלטסטער אים אוועקגע־טראגן אויף זיין געלעגער און אלע זיינען זיך צעגאנגען.



# אַ שטורעם אויפֿן ים

ווי מייז האָבן אַלע שיפּהאָזן זיך פֿאַררוקט אין די ווינקעלעך איבערצושלאָפֿן דעם פֿינצטערן טאָג. ווען טאָלי און טאָבי זענען צוריקגעקומען צו זייערע געלעגערס האָבן זיי דאָרטן געטראָפֿן פֿריש עסנוואַרג און קאַלטע קאַווע. ווייזט אויס, אַז קאַרל איז בײַ זיי געווען אין יענער נאַכט.

עס איז זיי איצט גוט געווען צו זײַן אַליין אין זייער „היים". זיי האָבן זיך געזאָגט גוטע און ליבע רייד און איבערגערעדט וועגן זייער באַגעגעניש מיט די בלינדע פּאַסאַזשירן. טאָבי איז ניט געווען צופֿרידן, וואָס אַלע ווייסן זייער סוד. זי האָט זיך אָבער דערפֿילט ווי אַ באַפֿרייטע פֿון קייטן.

— ווער איז ער פֿאַרט דער הויכער, דער עלטסטער? — האָט זי געפֿרעגט טאָלין. אין איר האַרץ האָט געציטערט עפּעס אַ מורא פֿאַר דעם מענטשן, וואָס האָט אויסגעזען אין אירע אויגן ווי אַ ים־רויבער.

— ווער ווייסט וואָס ער באַהאַלט פֿון אונדז? עס קען זײַן, אַז ער איז אַ קיניג, וואָס האָט אין דער וועלט מלחמה פֿאַרלוירן זײַן קרוין און זײַן לאַנד. עס קען אויך זײַן, אַז ער איז אַן אַנטלאָפֿענער פֿון אַ פֿינצטער געפֿענקעניש און פֿון קייטן.—האָט טאָלי איר געענטפֿערט.

זיי זענען כמעט דעם גאַנצן טאָג אָפּגעשלאָפֿן און אויף בײַנאַכט זענען זיי ווידער אַוועק צו דער קאַמער מיטן פֿענצטער. און ווידער האָט די קיילעכיקע עפֿענונג אַלעמען געבראַכט די מילדקייט פֿון דער נאַכט. בײַ דעם אָפֿענעם פֿענצטער זענען אַלע ווי איינער, ווי דורך אַ כּישוף, פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין שטילע קינדער. וואָס עפּעס אַ רויבער האָט פֿאַרפֿירט אין פֿינצטערן וואַלד. יעדן איינעמס קול האָט אָפּגעקלונגען טרויעריק און פֿאַרחלומט.

דער מענטש אַן אַ לאַנד, אַן אָפּגעשוואַכטער פון נעכטיקן אַנפאַל, האָט מיט הארץ און מיט אַ זיס קול אויסגעזונגען אַ אידיש ליד וועגן דער גרויסער שיף טיטאַניק, וואָס איז אומגעריכט פאַרזונקען געוואָרן אין ים מיט אַ סך אַ סך מענטשן.

דער ווינער שלאָסער האָט דערציילט אַ מעשה וועגן אַ וואונדער-אינדזל, וואו אַלע מענטשן לעבן גליקלעך און צופרידן. וואָס אַ יאָר שפרייט זיך דער אינדזל אוים און ווערט גרעסער און גרעסער.

דער עלטסטער האָט דערציילט וועגן צוויי מיידלעך, בלינדע פּאַסאַזשירן, ווי אַזוי זיי האָבן זיך באַקענט אין דער טיפעניש פון אַ שיף, איבערגעטוענע אין אינגלישע קליידער. עטלעכע טעג האָבן זיי זיך געהאַלטן אינאיינעם און ערשט ווען איינע האָט זיך פאַרליבט אין דער אַנדערער מיינענדיק, אַז איר פריינט איז אַ אינגל, האָבן זיי זיך אויסדערציילט דעם גאַנצן אמת.

טאַבי האָט ווי אויסגעזונגען אַ מעשה וועגן אַ קאַפּיטאַן: — אויף אַ שטורעמדיקן ים האָבן איינמאָל בייזע ווינטן אַראָפּגעריסן די זעגלען פון אַן אַלטן קאַפּיטאַנס שיף. האָט דער קאַפּיטאַן ארוים-געזונגען זיין לעצט ליד צו די וואַסערן און שוין געווען גרייט אונטער-צוגיין מיט זיין שיף. זענען אָבער געקומען צופליען גרויסע ווייסע פייגל און אויסגעשפּרייט איבער זיין שיף גרויסע ווייסע פליגל, נאָך גרעסער ווי זייערע פריערדיקע זעגלען און געבראַכט די שיף צום ברעג.

טאָלי האָט געהאַלטן פאַרמאַכט די אויגן, ווען טאַבי האָט דאָס דערציילט. ער האָט זי אָבער געזען אין יעדן וואָרט און אין יעדן קלאַנג. ער האָט געזען איר שיין פּנים זיך אַרויסשיילן פון דער פינצ-טערניש און פון דער אומגעוואַשנקייט. און ער האָט געזען אירע ליכטיקע אויגן, ווי זיי ווערן וואָס אַמאָל גרעסער און לויטערער.

שפּעט אין דער נאַכט איז געוואָרן אַ שטאַרקער שטורעם אויפן ים. עס האָט צוערשט אַ גאָס געטון אַ רעגן און דערנאָך האָבן ווינטן אָנגעטריבן גרויסע כוואַליעס. די שיף האָט זיך געדראַפּעט אויף די גרויסע וואַסערבערג און זיך געבויגן און געוואָרפן אויף אַלע זייטן נאָר איבערצוקערן זיך.

מען האָט באַצייטנס פֿאַרמאַכט דאָס פֿענצטער, פֿאַרשרויפֿט די אייזערנע דעק און אַלע האָבן זיך אויסגעצויגן אויפֿן דיל. די מילדע רואיקייט האָט זיך פֿון אַלעמען גיך אָפּגעטון. פֿון דעם שטאַרקן שטורעם וואָס האָט געהאַלטן אין איין וואַרפֿן די שיף, זענען עטלעכע פֿון די שיפֿהאַזן קראַנק געוואָרן. עס האָט טאָבין און נאָך עטלעכע בלינדע פּאַסאַזשירן אָנגעהויבן שטאַרק גרימען אין בויך. דאָס גריי־מעניש און דאָס שאָקלען זיך אַהין און אַהער האָט בייז געמאַכט די פּאַסאַזשירן. אייניקע האָבן מיט פֿאַרקלעמטע ציין געברומט צו זיך אַליין, אַנדערע האָבן געשאָלטן אין דער שטיל, טאָבי זאָל ניט תּערן, און געשפּיגן ווי מאַטראָזן.

— הער אויף שפּייען.

— האַלט ס׳מויל.

— וואָלט דאָ איצט טאָבי ניט געווען.

— וואָלט איך אייך אַלעמען שוין געוואוסט וואָס צו זאָגן, — האָבן זיי צערייצטע זיך דורכגערעדט.

— צום טייוול, עפּעס אַ פֿייער האָט זיך אין מיר אָנגעצונדן. — האָט דער עלטסטער זיך אַלעמאָל אויפֿגעהויבן פֿון דעם דיל און געגאַנגען זיך אָנטרינקען. ער האָט אויסגעטרונקען ווי אַביסל וואַסער און ווי אַביסל קאַווע אין דערנאָך ערשט גענומען שרייען, אַז ער ווערט פֿאַרברענט פֿון דורשט.

אין יענער נאַכט זענען אָנגעקומען אין קאַמער אַריין נאָך עטלעכע שיפֿברידער. דער שטורעם האָט זיי איבערגעשראָקן און זיי אַרויס־געיאָגט פֿון זייערע לעכער. צוויי זאַקסישע יונגען, שוואַרצע ווי קוימענקערערס, זענען געקומען פֿון ערגעץ לעבן די קוילן און דערציילט, אַז דער קאַפּיטאַן האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפֿעל צו האַלטן גרייט די קליינע שיפֿלעך. די נייע פֿאַרשווינען האָבן מיט זיך געבראַכט צוויי פֿלעשער בראָנפֿן און אַלע האָבן באַ אַן אָנגעצונדן ליכט זיך אוועק־געזעצט טרינקען.

דער בראָנפֿן האָט אין עטלעכע מינוט אַלעמען פֿריילעך געמאַכט. זיי האָבן אַלע ווי איינער געהויבן די פֿלאַש נאָר צו טאָבין — פּראָזיט!

טאָבי האָט אויך עטלעכע לעק געטון פון דער פלאַש. זי האָט אָנגעזשמורעט אירע צעגלאַנצטע אויגן צו טאָלין און אַלעמען גוטברו־דעריש געענטפערט, — פּראָזיט! פּראָזיט!

— פּראָזיט טאָבי! פון זייט דו ביסט צווישן אונדז האַלטן זיך מיר אין איין חלומן וואַסער־מיידלעך, — האָט דער עלטסטער מיט אַ פאַרענדערט שיכור קול אויסגערופן. אַלע האָבן געלאַכט פון דער חכמה.

— פּראָזיט טאָבי! — האָט דער עלטסטער מיטאַמאָל אַ וואָרף געגעבן די אויסגעליידיקטע פלאַש מיט אַזאַ גבורה, אַז זי איז צעפלויגן געוואָרן אויף פּיצלעך.

— איך האָב גאָלד און פּערל באַגראָבן אין דער ערד. איך וועל אַלץ דיר אָוועקגעבן, אויב דו וועסט בלייבן דאָ מיט מיר, — האָט ער ווי פון היץ גערעדט צו טאָבין און זי אַ רים געטון צו זיך.

— דו גייַ בעסער שלאָפן און הער אויף רעדן אַזעלכע נאַריש־קייטן, — איז דער ווינער שלאָסער צו און אים אָוועקגעשליידערט.

— וואו איז מיין מעסער? וועט ער שוין באַלד וויסן ווער איך בין און ווער עס איז דאָ דער עלטערער, — האָט דער עלטסטער געפּלאָנטערט מיט דער צונג און אַרומגעזוכט זיין מעסער. עס איז אָבער צו קיין געשלעג ניט געקומען, ווייל דער עלטסטער איז געווען טויט שיכור און איז געבליבן ליגן אויפן דיל ווי אַ שטיק ליים.

באַרוישטע פון טרינקען זענען דערנאָך נאָך עטלעכע, ווי סנאָ־פּעס אָוועקגעפאַלן אויפן דיל. און די איבעריקע, ווי נאָר זיי האָבן דערזען אין דער פינצטערניש עטלעכע בלינד גרויע פינטעלעך, וואָס האָבן אָנגעזאָגט טאָג, האָבן זיי זיך צוריק פאַרקליבן אין זייערע באַהעלטענישן.



# די זעקסטע נאַכט

דער שטורעם האָט אָנגעהאַלטן אַ נאַכט מיט אַ טאָג. טאָבי איז געלעגן אַ קראַנקע אויף איר געלעגער און אַ גאַנצן טאָג ניט גערעדט.

— מיר האָבן שוין מער ווי אַ האַלבן וועג דורכגעמאַכט, — האָט טאָלי געפּרוּווט זי אויפמונטערן. זי האָט אָבער גאָרניט געענטפערט. די ים־קראַנקהייט איז בייטאָג צו איר אַזוי שטאַרק צוגעטראָטן, אַז זי האָט גאָר אָנגעהויבן טראַכטן פון טויט. — וואָס וואָלט געווען ווען איך שטאַרב דאָ אויף דעם קאַסטן? — האָט אַ געדאַנק צו איר זיך צוגעטשעפּעט און ניט אויפגעהערט פּיקן אין איר שווערן קאָפּ. ערשט קעגן נאַכט, ווען דער שטורעם האָט זיך איינגעשטילט האָט איר אָנגעהויבן בעסער ווערן און זי איז ווידער געוואָרן רעדעוודיק.

די ליפּט אין זייער ווינקל איז אויפן זעקסטן טאָג, געוואָרן וואַרעם און שווער. טאָלי און טאָבי האָבן זיך קוים דערוואַרט אויף דער שפּעטער שעה, זיי זאָלן שוין קענען גיין צום קיילעכיקן פענצטער.

אין קאַמער איז געווען שטיל און פינצטער. דאָס פענצטער איז געווען פאַרמאַכט און פאַרשרויפט. טאָלי האָט אַ דריק געטון זיין עלעקטריש לעמפּל און באַם מאַטן שיין פון דער אויסגייענדיקער באַטעריע האָט ער דערזען דעם עלטסטן ליגן צונויפגעקנוילט אויפן דיל. לעבן אים איז געזעסן דער מענטש אָן אַ לאַנד און געדרימלט. טאָלי און טאָבי זענען נאָר צוגעקומען האָט דאָס אינגל זיך אויפגעכאַפּט. ער האָט זיי דערציילט, אַז דער עלטסטער איז קראַנק און וויפל וואַסער און וויפל קאַווע מען זאָל ניט ברענגען, טרינקט ער אַלץ אויס און בלייבט נאָך אַלץ דורשטיק.

— וואַסער, — האָט דער עלטסטער אַרויסגעקרעכצט און גע־קריצט מיט די ציין ווי אַ קינד אין שלאָף.

— דו ווערסט דאך אויסטרינקען דעם גאנצן ים און די שיף וועט אונדז נאך אין מיטן וועג בלייבן שטעקן אויף דער טריקעניש. — האט טאלי געשפאסט און זיך צו אים אנגעבויגן. ער איז אבער גיך איבערגעגאנגען אין אן ערנסטן טאן. — דו ציטערסט. האסט פיבער. ווערסט מוזן ארויסגיין צו די אויבערשטע דעקן און דיך איבערגעבן דעם קאפיטאן אין די הענט. דו ביסט ערנסט קראנק.

דער עלטסטער האט אויף די רייד גארניט געענטפערט. באלד האט אויך טאבי צו אים זיך אראפגעלאזט. — אויף דער שיף זענען דא דאקטוירים, וועלן זיי דיר העלפן, — האט זי צו אים גערעדט. ער האט אבער נאך אלץ געשוויגן. ערשט ווען די איבעריקע פאסאזשירן זענען זיך צונויפגעקומען און דער ווינער שלאסער האט אים גענומען ווארענען, אז ער וועט דא אומקומען אויב ער וועט זיך ניט צושלאגן צו די אויבערשטע דעקן, האט ער באקומען לשון.

— איך גיי ניט צו די אויבערשטע דעקן. איך בלייב דא. און דו גיב מיר ניט קיין עצות. פארזארג מיר בעסער אביסל וואסער, ווייל איך ווער פארברענט, — האט ער מיט בייזקייט גערעדט צום שלאסער.

אלע שיפהאזן האבן זיך געזעצט ארום דעם קראנקן מיט דעם געפיל אים צו העלפן, אים אוועקצוגעבן אפילו א טייל פון אייגענעם געזונט. זיי האבן אויף אים ארויפגעווארפן זייערע סוועטערס, אים איינגעדעקט מיט אלטע שמאטעס, וואס זיי האבן געפונען און אים געבראכט וואסער. טאבי און נאך עטלעכע האבן געוואלט א טרונק, אבער קיינער פון זיי האט זיך ניט צוגערירט צום ביסל וואסער, נאר עס געהאלטן פארן קראנקן.

די רייד פון די בלינדע פאסאזשירן זענען אין יענער נאכט געווען קארג און זיך גארניט געקלעפט. מען איז געזעסן אין דער פינצטערער שטילקייט פארטון אין אייגענע געדאנקען. דאס שווערע אטעמען פון דעם קראנקן איז שטילער געווארן. עס האט זיך אלעמען אויסגעוויזן, אז ער שלאפט און אז מיטן שלאף הייבט אן ביסלעכווייז קומען זיין געזונט.

טאָבי איז געווען שוואַך און מיד. זי האָט זיך אָנגעלענט אָן טאָלין און איינגעשלאָפן. טאָלי האָט בלויז אויף אַ ווײַלע צוגעמאַכט די אויגן און שוין איז ער אַ שלאָפנדיקער פאַרטראָגן געוואָרן אין טאָל אַריין אין זײַן אַמאָליקן שטיבל. עס איז אַ קאַלטע ווינטער־נאַכט. ער און זײַן גאַנץ הויזגעזינט זיצן אויף דער ערד אַרום זייער קו, וואָס האַלט באַם אויסגיין, און די מאַמע רעדט און וויינט איבער איר, ווי איבער אַ מענטשן.

— טאָלי מאַך אויף דאָס פענצטער. דאָס וואַסער איז איצט שטיל, עס וועט ניט גרייכן אַזוי הויך. טאָלי, איך וויל זען דעם ים, דו הערסט וואָס איך רעד צו דיר? — האָט דער עלטסטער פּלוצלינג מיט אַן אָפּגעשוואַכט קול ווי באַפעלט. טאָלי האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זײַן דרימל און מיט געשיקטקייט גיך אויפגעדרייט די שרויפן.

לויטערע נאַכט און פרישע לופט האָבן אַריינגעשטראָמט. די כוואַליעס האָבן פריילעך געשומעט און אַלעמאָל מיט וואַסער־ און פּאָספאָר־שפּריצן דערלאַנגט צום אָפענעם פענצטער.

— ווי שיין עס איז היינט בײַנאַכט דער ים און דער הימל, — איז דער קראַנקער זיך פאַרגאַנגען אין אַ טרויעריק שטיל קול.

— איך וויל ניט גיין צום קאַפּיטאַן. איך וויל בלײַבן דאָ. איך בין אַ בלינדער פּאַסאַזשיר און איך שווים ניט צו קיין גאָלדענע ברעגן. איך וויל מער ניט גיין צו דער ליכטיקער וועלט. אויף די דנאָען פון די שיפן וויל איך בלײַבן. עס איז מיר בעסער, אַ סך בעסער. אַ בלינדער פּאַסאַזשיר גיט זיך ניט איבער אויף צוריקגעשיקט צו ווערן. טאָבי, איך בין נעכטן געווען שיכור, הערסט טאָבי? איך האָב נעכטן בײַ־נאַכט ניט געוואוסט וואָס איך רעד. זײַט קיינער ניט בייז אויף מיר. איך וויל זײַן דאָ מיט אײַך. איך וועל דאָ אויך געזונט ווערן. ניט גיין צו די אויבערשטע דעקן, ניין, ניין. זעט נאָר די בלויקייט אין פענצטער. עס איז איצט אַזוי גוט אַרויסצוקוקן אין דרויסן. טאָבי, אַ שיינע מעשה האָסטו דערציילט. וואַרט, וויאַזוי גייט עס? האָבן די ווינטן אַוועקגעטראָגן די זעגלען, זענען געקומען ווײַסע פייגל מיט פּלאַטערדיקע גרויסע פליגל און געפירט די שיף. ווי שיין, ווי שיין.

זיין שטים האָט זיך געצויגן וואָס אַמאָל דינער און שוואַכער ביז ער האָט אַ זיפץ געטון און שטיל געבליבן.

אַלע זענען געווען שטיל און זיך גוט צוגעהערט צו זיינע רייד, און דערנאָך שווייגנדיקע נאָך לאַנג געקוקט אויף זיין רואיק פּנים, וואָס האָט קעגן פענצטער אויסגעזען וויאָלעט-גרין. — ער שלאָפט, — האָט עמיצער זיך אַנגערופן און אַלע האָבן, אַזוי זיצנדיק אַרום אים, אויך אָנגעהויבן איינשלאָפן.



# ליכט און טויט

לויטערער טאָג האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים אָפענעם קיילעכיקן פענצטער און אויפגעריסן די אויגן פון די שלאָפנדיקע. דאָס ליכט פון העל־בלויען מאָרגן האָט אַלעמען אויפגעוועקט, נאָר ניט דעם עלטסטן. דער מענטש אָן אַ לאַנד האָט אויפגעהויבן זיין קאָפּ פון דיל און ס'ערשטע זיך צוגעבויגן צום קראַנקן. אָן אומרואיקער האָט ער אַ טרייסל געטון דעם עלטסטן בײַם אַקסל און בּאַלד מיט קאַלטבלוטיקייט זיך אָפּגעזאָגט, — ס'האַרץ האָט מיר אָבער געזאָגט. שוין. ער איז טויט.

אַלע זענען איצט צו צום עלטסטן און אים גענומען וועקן און רייסן. זיי האָבן אים איבערגעקערט אויף דער אַנדערער זייט, אָבער ווי אַזוי זיי האָבן אים אַוועקגעלייגט, אַזוי איז ער געבליבן ליגן. אומבאַוועגלעך, קאַלט און מיט פאַרשטאַרצטע צונויפגעקאָרטשעטע קני.

— טויט, — האָט זיך געהערט דאָס וואָרט פון עטלעכע.

— עס קען ניט זיין. ערשט ביינאַכט האָט ער גערעדט צו אונדז, — האָט טאַבי אַרויסגעכליפּעט די ווערטער.

צעטומלטע זענען די שיפּהאָזן געשטאַנען איבער דעם טויטן און אין מאָרגן־ליכט באַטראַכט דעם פרעמדן, מיסטעריעזן, שיפּברודער זייערן. זיי האָבן אַפילו זיין נאָמען ניט געוואוסט. זיינע אויגן זענען געווען אָפן און זיינע דינע ליפּן פאַרצויגן אין אַ פאַרביסענעם שמייכל.

— מיר וועלן היינט ביינאַכט אים אַרויפטראָגן צו די אויבערשטע קאַמערן און די שיפלייט וועלן אים שוין דאָרטן געפינען, — האָט איינער פון די זאַקסן געזאָגט.

— צו וואָס אים טראָגן? מען וועט אים דאָ אויך אָפּזוכן. זאָל נאָר די שיף אַריינקומען אין האַפן, — האָט דער ווינער שלאָסער זיך אָנגערופן.

— אויב די שטשורעס וועלן זיך צו אים פריער ניט דערפרעגן, — האט טאַלי זיך אריינגעמישט.

— ער קען דאַ אַפּליגן שיינע עטלעכע וואָכן, ביז עמיצער וועט אַהער פאַרבלאָנדזשען, — האט דער מענטש אַן אַ לאַנד געטענהט.

— צו די אויבערשטע דעקן דאַרף מען אים אַרויפטראָגן, — האט טאַבי ווי זיך געבעטן און שטילערהייט געוויינט.

דער מענטש אַן אַ לאַנד איז צולעצט געקומען צו גאָר אַן אַנדערן פּלאַן. ער האט אַלעמען געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אויב מען וועט דעם טויטן אונטערטראָגן די שיפּלייט ביז צו די אויבערשטע דעקן, וועט מען באַלד נעמען דורכזוכן די גאַנצע שיף און מען וועט זיי אַלעמען דאַ געפינען. — און וואָס מיינט איר וועלן די שיפּלייט מיט אים טון? — האט ער געפרעגט און אַליין געענטפערט, — זיי וועלן אים אַראָפּלאָזן אין ים אַריין. קראַנקערהייט, ווען מען האט אים נאָך געקענט ראַטעווען, האט ער ניט געוואָלט גיין צום אויבערשטן דעק. פאַרוואָס-זשע זאָלן מיר אים איצט טויטערהייט, ווען ער האט ניט מער דעם ווילן איבער זיך, איבערגעבן צו דעם קאַפּיטאַן? צי קענען מיר דען מיט אים ניט טון דאָסזעלביקע וואָס זיי? מיר קענען פּונקט אַזוי גוט ווי די שיפּלייט, אים ביינאַכט אַראָפּלאָזן אין וואַסער אַריין.

אַלע ווי איינער האָבן אָנגענומען דעם פּלאַן פון דעם אידישן אינגל. מען האט פאַרמאַכט דאָס פענצטער, דערווייל, אויף איבערן טאָג, פאַררוקט דעם טויטן אין אַ ווינקל און ווי שאָטנס איינציקוויין פאַרשוואונדן געוואָרן.

טאַבי איז דעם גאַנצן טאָג געווען דערשלאָגן. זי האט געהאַלטן אין איין טראַכטן וועגן דער טיפעניש פון ים און פון די גרויסע פיש וואָס לעבן דאָרטן. וואָס איז באַ זיי איינצושלינגען אַ מענטשן? זיי לאָזן אים אַפילו ניט אַראָפּ צום גרונט.

טאַלין ווידער איז אין יענעם טאָג געקומען אויפן זינען די מעשה וועגן דעם נביא יונה, וואָס דער זיידע האט זי אים אַמאָל דערציילט. ער האט פאַר זיך קלאָר געזען די אַלטע שיף, ווי זי שלעפּט זיך קיין

תרשיש. ער האָט געזען דעם נביא יונה ווי ער ליגט אויף דער שיף א באהאַלטענער אין אַ ווינקל און שלאָפט. פּלוצלינג ווערט אַ שטאַר־קער שטורעם אויפן ים. די כוואַליעס וואַרפן מיט דער אַלטער שיף ווי מיט אַ שפּילעכל. אַלע מענטשן שטעלן זיך אַוועק בעטן גאָט, ער זאָל איינשטילן דעם שטורעם. נאָר יונה שלאָפט, גלייך ווי עס וואָלט גאָרניט געווען.

— העי דו, שטיי אויף און בעט צו דיין גאָט, — וועקט מען אים.

שטייט ער אויף, קוקט אויף דעם בייזן ים און זאָגט צו די מענטשן אַזוי:

— וואַרפט מיך אַריין צווישן די כוואַליעס, ווייל דער שטורעם איז צוליב מיר. איך בין אַן אַנטלאָפענער פון גאָט. מיין וועג איז ניט קיין תרשיש.

די מענטשן האָבן אים געפאָלגט, אים אַריינגעוואָרפן אין ים אַריין און די וואַסערן זענען באַלד שטיל געוואָרן. און דער נביא יונה איז ניט דערטרונקען געוואָרן. אַ גרויסער פיש האָט אים איינגע־שלונגען, אים אָפּגעהאַלטן דריי טעג אין בויך און דערנאָך אים, אַ לעבעדיקן, אויסגעשפּיגן אויפן ברעג.

שפּעט ביינאַכט האָבן אַלע בלינדע פּאַסאַזשירן זיך צונויפגע־קליבן אַרום דעם טויטן און אים צוגעגרייט צו זיין אייביקער רו. דאָס לעצטע שוועבעלע און דאָס לעצטע פּיצל ליכט האָט מען אויסגעברענט און צונויפגעזוכט שטריק און אַלטע שטיקער פלאַכטע. מען האָט אויף אים אַרויפגעשלעפּט זיין צעריסענעם מאַרינען־ראָק, אים אָנגע־טאָן זיין אַלט מאַטראָזן־היטל, איינגאַנצן אים איינגעפּאַקט אין די שטיקער פלאַכטע, און דעם קערפּער, ווי אַ מומיע, ענג איינגעשנו־רעוועט אין שטריק. דאָס פענצטער פון דער קאַמער איז געווען צו קליין, האָבן פיר, דער ווינער שלאָסער, טאַלי און די געזונטע צוויי זאַקסן אים שטילערהייט אַוועקגעטראָגן צו אַ העכערער קאַמער. דאָרטן איז דאָס פענצטער געווען גרעסער. טאַבי, דער מענטש אָן אַ לאַנד און נאָך עטלעכע זענען נאָכגעגאַנגען פון הינטן ווי נאָך אַן אמתער לויה.

מען האָט שטילערהייט אויפגעשרויפט דאָס פענצטער און זיך ארומגעקוקט אין אַלע זייטן. דערנאָך האָט מען אַרומגעגאַרטלט דעם לאַנגן דינעם מת מיט אַ שטאַרקן און לאַנגן שטריק און אים גענומען אַרויסרוקן דורך דער קיילעכיקער עפענונג. שטיל אָן אַ שאָרך האָט מען אים פּאַוואָליע אַראָפּגעלאָזט. דער קערפּער האָט זיך געוויגט אויפן שטריק און געניידערט צו דער טיפעניש פון ים. אין איינע עטלעכע רגעס איז ער פארשוואונדן צווישן די כוואַליעס, וואָס האָבן גערוישט און געשוימט אַרום דער שיף.

די בלינדע פּאַסאַזשירן האָבן די שטריק פאַרוואָרפן אין וואַסער אַריין. זיי האָבן אַלע שטום געקוקט אויף דעם גרויסן ים, וואָס האָט נאָרוואָס אויפגענומען זייער שיפברודער. טרויעריק, מיט אַראָפּגע־לאָזטע קעפּ, זענען זיך אַלע צעגאַנגען.



# אין דערוואַרטונג

טאַבין האָט שטאַרק ווי געטון דער טויט פון דעם עלנטן מענטשן. דאָס בילד ווי אַזוי מען האָט אים ביינאַכט דורכן פענצטער אַראָפּגעלאָזט אין ים אַריין האָט גאָרניט געוואָלט אָפּטרעטן פון איר געדאַנק. איר פּנים איז אַ גאַנצן טאָג געווען אָנגעזאָפּט מיט געוויין און טאַלי האָט זי גאָרניט געקענט איינשטילן. ערשט ווען די פּאַסאַזשירן האָבן שוין אָנגעהויבן געשמאַק רעדן וועגן לאַנדן און וועגן דער שטאָט ניו יאָרק האָט די גרויסע דערוואַרטונג איינגאַנצן פאַרכאַפּט איר קאָפּ און איר האַרץ.

יעדער פון די בלינדע פּאַסאַזשירן האָט געהאַט אַן אויסגעאַרבעטן פּלאַן ווי אַזוי אַראָפּצוגיין פון דער שיף, און שוין אויפן נײַנטן טאָג האָבן זיי אָנגעהויבן זיך אָפּזונדערן איינס פון ס'אַנדערע. אויך טאַלי און טאַבי זענען פון דעם נײַנטן טאָג אָן שוין פאַרבליבן אין זייער ווינקל בייטאָג און ביינאַכט. אַפילו ווען דאָס עסן איז זיי אויסגעגאַנגען האָבן זיי זיך פון דאָרטן ניט אַרויסגערירט. זיי האָבן ווי מייז געגריזשעט אין דער פינצטער דאַרע שטיקלעך ברויט און געוואַרט אויף קאַרלען. טאַלי האָט געהאַלטן אין איין קוקן אויף זיין זייגערל מיטן ציפער־בלאַט פון ראַדיום און אַלע מאָל טאַבין אָנגעזאָגט די צייט.

— נאָך אַ טאָג מיט אַ נאַכט.

— נאָך אַ נאַכט מיט פיר שעה.

טאַלי און טאַבי האָבן דערהערט די ערשטע סיגנאַלן, וואָס זאָגן אָן, אַז די שיף דערנענטערט זיך צו לאַנד. נאָך די סיגנאַלן איז געקומען אַ שטאַרק רעווען און אַ פייפן פון אַנדערע שיפן. קאַרלען האָבן זיי דעם גאַנצן וועג ניט געזען, זיי זענען אָבער געווען זיכער, אַז אָט־אָט

וועט ער נאָך זיי קומען. דאָך האָט טאָבי אומגעדולדיק אַלע מאָל געפרעגט: — וואו איז קאַרל? — פאַרוואָס קומט שוין ניט קאַרל?

— עפּעס האָט זיך איר ווי ניט געוואָלט גלויבן, אַז די פינצטערניש אַרום איר וועט זיך באַלד אינגאַנצן צעגיין און זי וועט דערזען דאָס העלע ליכט פון טאָג אויסגעשפּרייט איבער דער גרויסער שטאָט, וואו איר טאַטע מאַמע וואוינען.

— ער וועט שוין קומען. — באַלד, באַלד וועט ער זיך באַווייזן, — האָט טאָלי מיט די ווערטער געשטאַרקט איר האָפן און איר גלויבן.

אין פיבערדיקער דערוואַרטונג האָבן דערווייל ביידע פאַר זיך געמאָלן דאָס רייכע לאַנד און די גרעסטע שטאָט אין דער וועלט.

— אַמעריקע.

— ניו יאָרק, — האָבן די ווערטער גערוישט אין זייערע אויערן, און פאַר זייערע אויגן האָבן זיך געשפּרייט אומבאַרירטע פּרייריי־פעלדער, געדיכטע וועלדער און אַלערליי פּרוכט־גערטנער. פאַר זייערע אויגן האָבן זיך געצויגן שווינדלענדיקע ריזן־מויערן, וואָס זייערע שפּיצן האָבן זיי שוין איינמאָל געהאַט געזען פון ווייטנס. אָבער העכער פון אַלע מויערן האָט זיך אויפגעהויבן אַ סטאַטוע מיט אַ שטראַלנדיק ליכט אין האַנט. פון דער סטאַטועס מויל האָט זיך געריסן אַ מעכטיק קול און זיך צעטראָגן ווייט און ברייט איבער לענדער און ימים:

— פריי־הייט! פרייהייט!

— גלייך־הייט! גלייכהייט!

— קאַמאָן, — איז קאַרל, דעם צענטן טאָג פאַרנאַכט, ווי פון הימל צו זיי אַראָפּגעפאַלן מיט דעם ענגלישן וואָרט. — מאַכט אייך גרייט, מאָרגן לאַנדן מיר.

— מיר זענען גרייט, — זענען טאָלי און טאָבי מיט פרייד צו אים צוגעלאָפן און זיך מיט אים אַרומגעכאַפּט ווי מיט אַן אייגענעם ברודער.

— האַו דו יו דו לעידי ענד דזשענטלמען? — האָט קאַרל אַן אויפגעלייגטער צו זיי גערעדט אין ענגליש און ליכטיק געמאַכט מיט

זיין עלעקטריש לעמפל. — ווי אַזוי איז געווען די רייזע, די געזעלשאַפט, און די באַדינונג אויף אונדזער שיף? — האָט ער ווי אַ קאַפּיטאַן זיך פאַרנייגט.

— אַ דאַנק פאַרן נאָכפרעגן, הער קאַפּיטאַן. אייער שיף איז די בעסטע אין דער וועלט. איך וועל זי רעקאָמענדירן צו אונדזער אייל־קיניג ראַקעפעלער, — האָט טאָלי צוריקגעשפּאַסט.

— איך האָב געמיינט, אַז די שיף וועט שוין קיינמאָל ניט דער־גיין צום ברעג, — האָט טאָבי זיך אָנגערופן.

— קומט, איר זענט היינט מיינע געסט. היינטיקע נאַכט וועט איר שלאָפן אין מיין קאַבין. צוויי בעטן וואַרטן אויף אייך, — האָט קאַרל זיי ביידע אָנגעכאַפּט באַ די הענט און זיי פאַרנומען מיט זיך.



# די טויערן פון לאַנד זענען אָפן

קאַרל האָט אַריינגעפירט זיינע געסט אין קאַבין און עטלעכע מאַטראַזן, וואָס זענען דאָרטן געזעסן און געשפּילט אין קאָרטן, האָבן זיי אויפגענומען מיט געלעכטער און שפּאַס.

— וואָס הערט זיך עפּעס אויף יענער זייט וועלט ?

— וואָס האָט זיך אייך געחלומט אין דער לאַנגער פינצ־טערער נאַכט ?

טאַלי און טאָבי האָבן פון אָנהייב ניט געקענט קוקן אין ליכט אריין. ווי בלינדע זענען זיי, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגנדעקלעך, געבליבן שטיין בא דער טיר און זיך אָנגעהאַלטן אין א וואַנט. קאַרל האָט פאַר זיי באַלד אָוועקגעשטעלט אַן עמער הייס וואַסער און זיי געגעבן א שערל, א גאָלמעסער און א שפּיגל. ביידע האָבן זיך געכאַפּט צום שפּיגל און אין אים אַריינגעקוקט ווי מאַלפּעס, וואָס דערזעען זיך צום ערשטן מאָל. טאַלי האָט געלאַכט פון זיין אויסזען, אָבער טאָבי האָט מיט ערנסטקייט באַטראַכט די צוויי פּנימער אין שפּיגל און זיך ניט געגלויבט, אַז אין צען טעג קען מען זיך אַזוי פאַרענדערן. די האָר אויף זייערע קעפּ זענען געוועזן צע־שויבערט און האַרט ווי דראָט, די אויגן קליין און פאַרצויגן און די פּנימער אָפּגעצערט און שוואַרץ ווי די ערד. טאַלס באַקן און זיין גאָמבע זענען געוועזן פאַרוואַקסן מיט געדיכטע קופּקעלעך טונקעלע האָר.

קאַרל האָט זיי געהאָלפן. זיי האָבן זיך גיך באַוואַשן און באַפּוצט און ווידער אויסגעזען ווי מאַטראָזן. דערנאָך האָבן זיי זיך געזעצט עסן. ביידע האָבן זיך געכאַפּט צו די לעפל און גאָפּל, און נאָך צען טעג, געגעסן דעם ערשטן מאָלצייט ווי מענטשן.

טאָבי איז אין מיטן עסן איבערגעוועלטיקט געוואָרן פון אַ שטאַרקער מידקייט און זי איז אַוועקגעפאַלן מיטן קאָפּ צווישן די טעלער. טאָלי האָט זי אַ שלאָפנדיקע אַוועקגעטראָגן צום בעט און אַליין, גלייך גאָרניט ער, זיך געזעצט שפּילן אין קאָרטן מיט די מאַטראָזן. אין שפּילן האָט איין מאַטראָז דערציילט, אַז אויף דער שיף געפינען זיך צוויי געכאַפּטע בלינדע פּאַסאַזשירן. איינעם האָט מען דערווישט אין אַ מיטן נאַכט גנבענען עסן פון קיך, און דעם צווייטן האָט מען געכאַפּט אויף אַ באַל. ער איז געווען אויסגעפּוצט ווי אַ פּאַסאַזשיר פון ערשטן קלאַס און מיט זיך געפירט נאַרקאָטיקס פאַר אַ סך געלט.

די נאַכט אין קאַבין איז טאָלין און טאָבין גיך אַוועק. אָט ערשט האָבן זיי צוגעמאַכט די אויגן און שוין שטייט קאַרל איבער זיי און וועקט.

— אויפשטיין! די טויערן פון לאַנד שטייען שוין פאַר אייך אָפן. אָט־דאָ זיינען אייערע צוויי פּאַפּירן. דאָס זענען די בעסטע פּאַספּאָרטן אויף אַראָפּצוגיין, — האָט קאַרל גערעדט צו טאָלין, וואָס איז באַלד געווען אויף די פיס. ער האָט אים איבערגעגעבן די צוויי פּאַפּירלעך און אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דאָס זענען לאַנדונגס־צעטלעך פאַר שיפאַרבעטער, וואָס ווילן אַראָפּגיין זען די שטאָט.

טאָלי האָט גענומען וועקן טאָבין. ער האָט מיט ליבשאַפט זי געריסן באַ די אויערן און באַ די האָר און זי גאָרניט געקענט אַרויס־רייסן פון שלאָף, אַזוי אויסגעמאַטערט איז זי געווען. זי האָט אויפ־געהויבן דעם קאָפּ און אים צוריק אַראָפּגעלאָזט אויפן קישן. זי האָט אויפגעמאַכט די אויגן און זיי ווידער צוגעמאַכט. אַ ליכטיקייט פון לויטער זון האָט געשטראָמט גלייך אין אירע אויגן אַריין און זי שיר ניט בלינד געמאַכט. עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז אַזויפיל זון האָט זי נאָך אין איר לעבן ניט געזען. דאָס גאַנצע העלע ליכט האָט זיך גענומען שפּאַרן גאָר צו אירע אויגנאַפּלען. האָט זי פעסט פאַרצויגן אירע אויגנדעקלעך און מיטביידע הענט צוגעדעקט אירע אָרימע אויגן.

— שטיי אויף טאָבי, די טויערן פון לאַנד זענען פאַר אונדז אָפן.

— האט טאַלי ערשט מיט די ווערטער זי אויפגעוועקט. מיטאמאָל איז זי אויפגעשפּרונגען און אראָפּ פון בעט אינגאַנצן אַן אויסגעניכטערטע. זי האָט שוין אַפילו די אויגן געעפנט. איר קאָפּ און איר פּנים זענען געווען אינגאַנצן נאַס. אין דער זייט פון בעט איז געשטאַנען קאַרל מיט אַ לײדיקן עמער, אַ באַהאַלטענער הינטער טאַלין, און בײדע האָבן געקײכט פון געלעכטער.

— דער בעסטער וועג צו וועקן אַ מאַטראָז איז אַ קאַלטע באָד, — האָט קאַרל אַנגעוויזן אויפן לײדיקן עמער.

טאָבי האָט געלאַכט מיט זײ, זיך אויסגעקנאַקט די בײנער און גיך אַרויסגעגעניצט דעם שלאָף. זי האָט, ווי טאַלי, אויסגעפּוצט איר מאַטראָזן־אַנצוג, אויסגעגלאַנצט אירע מענערישע שיך, פאַרקעמט איר אינגלישן קאָפּ האָר און מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ זיך געגרייט צום לאַנדן.

ענדלעך איז די צײט געקומען. אַלע דרײ אויסגעפּוצטע יונגען האָבן זיך אַרויסגעלאָזט פון קאַבין. קאַרל פאָראויס און טאַלי און טאָבי נאָך אים.

— פאַרגעסט נאָר ניט די נעמען אונטער וועלכע איר גײט אַרונטער, — האָט קאַרל באַם אַרויסגײן פון קאַבין גערעדט אין דער שטיל צו זײנע צוויי פּאַסאַזשירן, און פון זײ באַלד פאַרשוואונדן.

טאַלי און טאָבי האָבן זיך געמישט מיט די מאַטראָזן און שיף־אַרבעטער, וואָס האָבן זיך געלאָזט אַראָפּגײן פון שיף. זײ זענען געגאַנגען גלײך מיט אַלעמען אין אַ לאַנגער שורה און געהאַלטן גרייט די פּאַפּירן אין די הענט. זײ זענען אַזוי לאַנג געגאַנגען ביז זײ זענען צוגעקומען צו אַ טירל. דאָרטן באַם אַרויסגאַנג פון טירל זענען געשטאַנען צוויי היטער. אײנער האָט איבערגעקוקט די פּאַפּירלעך פון די פרײלעכע שיפלײט, און דער אַנדערער האָט אַלעמאָל אַרויסגעכאַפּט אײנעם פון דער שורה און אים באַזוכט, צי האָט ער ניט געבראַכט מיט זיך עפּעס אַ פאַרבאָטענע סחורה אין לאַנד אַרײן.

טאָבין האָט אין גאַנג געשווינדלט פאַר די אויגן און געראַוישט אין די אויערן. דאָס האַרץ האָט בײַ איר געקלאַפּט נאָר צום אַרויס־

שפּרינגען. זי האָט אָבער מיט געמאַכטער וואוילינגערישקייט גע־שמייכלט צו טאָלין און אים נאָכגעגאַנגען צום טירל.

זיי זענען דורכגעגאַנגען די אָפענע טיר און די היטער האָבן זיי אָפּילו רעכט ניט אָנגעקוקט. זיי האָבן ווי אין חלום געשפּאַנט ווייטער און געשטעלט די ערשטע טריט אויף אַמעריקאַנער ערד.

— דאָס איז שוין אַמעריקע. איצט זענט איר פריי צו גיין וואוהין איר ווילט, — איז קאַרל אונטערגעקומען, מיט זיי זיך אָפּגעזעגנט און זיך צוריק אומגעקערט צו דער שיף.

— אַ־מע־רי־קע — האָבן טאָלי און טאָבים ליפּן זיך פּאַוואָליע באַוועגט. זיי האָבן צום לעצטן מאָל זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער שיף און דערנאָך מיט אַ צעוויגטן גאַנג זיך אַוועקגעלאָזט איבער דער שטאָט ניו יאָרק.

